מ. הארטמאַן

# צווישן טראָן און ליבע

## די טראַגעדיע פון דער האַבסבורגער דינאַסטיע

№ 3.

סעריע „פרוי און ליבע“

פערלאַג „גראָשן-ביבליאָטעק“

וואַרשא 1930

# 1. די דינאַסטיע האַבסבורג

היינט איז שוין פון דער אַמאָל בערימטער דינאַסטיע האַבסבורג קיין זכר נישט געבליבן. אירע ביים לעבן געבליבענע מיטגלידער זענען געוואָרן פּשוט'ע בשר־ודם'ס און קיינער הערט נישט און ווייסט נישט פון זיי. אָבער די־דאָזיגע עלטסטע דינאַסטיע אין אייראָפּא האָט מיט סך־הכל קנאַפּע צוויי צענדליג יאָר צוריק געהערשט איבער עטליכע און פופציג מיליאָן נפשות, וועלכע האָבן בעוואוינט דאָס אַמאָליגע עסטרייך.

פערשידענע ליבעס־טראַגעדיעס און פאַמיליען־אַוואַנטורעס זענען פאָרגעקומען אין דער דאָזיגער דינאַסטיע, וואָס האָט געהערשט גאַנצע אַכט הונדערט יאָר אין אייראָפּא. האָבן דאָך פּרינצן און מלכים און פּרינצעסינס דאָס זעלבע פלייש, דיזעלבע נערוון און דאָס זעלבע בלוט, וואָס יעדער פּשוטער בשר־ודם. אָבער זעלטן ווער פון די האַבסבורגער האָט איבערגעלאָזט אַזויפיל טראַגעדיעס, ווי דער בערימטער קייזער פראַנץ־יאָזעף.

קיין איין אומגליק האָט אָבער אַזוי נישט ערשיטערט דעם גרייז־גרויען מאָנאַרך, ווי דער פּלוצלונגער טויט פון זיין איינציגן זון, רודאָלף, דער דאָזיגער אויסטערלישער, אומגעריכטער טויט פון זיין טראָנפאָלגער, פון דעם אין גאַנצן לאַנד בעליבטן און געאַכטעטן קרוינפּרינץ האָט אויף יאָרן לאַנג דערשיטערט דאָס געמיט פון קייזער. אַ לאַנגע צייט נאָכדעם האָט די גאַנצע אייראָפּייאישע פּרעסע נישט אויפגעהערט צו שרייבן וועגן די סיבות און פּרטים פון טויט פון דעם קלוגן און טאַלאַנטפולן קרוינפּרינץ. און הגם

דער עסטרייכישער הויף האָט מיט אַלע מיטלען געוואָלט פֿער־דעקן דאָס גרויסע, טראַגישע געהיימניש, איז דאָך פֿאַר דער ברייטער עפֿנטלעכקייט שפּעטער באַקאַנט געוואָרן, אַז געשפּילט דאָ אַ ראָליע האָט אַ פֿרוי און, אַז איר נאָמען איז געווען מאַריע וועטסעראַ.

ווער און וואָס איז עס געוועזן דער דאָזיקער אַזוי באַליבטער קרוינפּרינץ רודאָלף, וועגן וועלכן דאָס גאַנצע לאַנד גרויס און קליין, אָרים און רייך, האָט געטרויערט נאָך זיין טויט?

ווער איז דאָס געווען די געהיימניספֿולע געשטאַלט, וואָס האָט געשפּילט אַזאַ טרויעריקע ראָל אין דעם לעבן און טויט פֿון דעם טראָנפֿאָלגער? ווער איז געווען די דאָזיקע זעלטענע פֿרוי, וואָס וועגן איר האָט מען שפּעטער אין איראָפּאַ אַזוי פֿיל געשריבן?

פֿון די ווייטערדיקע קאַפּיטלען וועט אונדז קלאָר ווערן די גאַנצע טראַגישע געהיימניספֿולקייט פֿון דער דאָזיקער זעלטענער געשיכטע אין לעבן פֿון דער האַבסבורגער דינאַסטיע.

## 2. די אַלטע טרעפּעריקע

ס'איז אַ פּרעכטיקער זומער־טאָג. אויף די ווינער גאַסן שפּאַצירן מיט הייטערער זאָרגלאָזיקייט די בלאָנדע, שמייכלענדיקע מיידלעך, וועלכע חנד'לען זיך צו דעם שענעם טאָג און צו אַלע פֿאַרבייגייענדיקע. עס שוועבן פֿאַרביי הערן און דאַמען אין הערלעכע, אָפֿענע קאַרעטעס. ס'איז זונטאָג. די גאַסן זענען פֿול מיט שפּאַצירנדיקע, מיט אַ יום־טוב'דיקן עולם. אויף אַלעמענס פּנים'ער ליגט אויסגעגאָסן אַ ליכטיקע צופֿרידנהייט. דער טאָג און די מענטשן פֿילן זיך גליקלעך.

אַ ריזיקע מענטשן־כוואַליע פֿליסט אַרויס פֿון פּראַטער, דאָס באַקאַנטע פֿערוויילונגס־אָרט פֿאַר די ווינער. און אָט רייסט זיך פֿאַרצלונג אַרויס פֿון אַלעמענס מיילער אַ יובל'דיקער אַרויס־געשריי:

— האָך! זאָל לעבן! האָך! האָך! זאָלן לעבן אונזער ליבער קרוינפּרינץ און זיין פרוי סטעפאַניע!

דער טראַנספּאָלגער האָט שטענדיק אַרויסגערופן ביים פאָלק ענטוזיאַזם. רודאָלף פלעגט צופּט שפּאַצירן איבער די ווינער גאַסן, נישט געהאַלטן זיך שטאַרק ביים עטיקעט, וואָס האָט געהערשט אויפ'ן קייזערליכן הויף. חוץ דעם איז ער אויך געווען דער איניציאַטאָר און הויפּט־מיטאַרבייטער פון אַ ריזן־ווערק, וואָס האָט געדאַרפט שילדערן דאָס לעבן פון די פעל־קער, די נאַטור, די פאַאונע (חיות) און פלאָרע (געוויקסן) פון אַמאָליגן, גרויסן עסטרייך. ער איז געווען בעקאַנט אַלס ערנ־סטער שרייבער און אויך אַלס גרויסער... מיידל־ליבהאָבער. ס'איז פאַר קיינעם נישט געווען קיין סוד, אַז דער שעהנער, לעבנסלוסטיגער קרוינפּרינץ פלעגט זיך אינקאָגניטאָ, אין גע־היים, אַרומבלאָזן אין די זייטיגע ווינער געסלעך און געניסן פון לוסט און פערגעניגן. מ'האָט געוואוסט וועגן דעם און פער־שטאַנען, אַז אַ קרוינפּרינץ איז דאָך אויך נישט מער, ווי אַ מענש. און טאַקי דערפאַר, ווייל דער דאָזיגער קייזערליכער זון האָט זיך אַראָבגעלאָזט צום פאָלק (זאָל זיין אפילו צו זינ־דיגן...) — איז עס דעם ברייטן עולם געפעלן און מ'האָט אים דערפאַר גערופן מיט דעם פערצויגענעם נאָמען: רודי, ווי ער וואָלט געווען אַן'איינגענער, אַ משלנ'דיגער.

ער האָט בעפוילן דעם קוטשער צו פערקירעווען און זיך געהייסן פירן אונטער דער שטאָט, אויפ'ן וועג קיין הייליגנ־קרייץ.

זיי זענען געפאָרן דורך אַ וואונדערשעהנעם וועג, וועלכער איז געווען אַ בערגיגער און בעוואַקסן מיט געדיכטע קאַשטאַנ־בוימער. פוןביידע זייטן וועג האָבן אַראָבגעבליקט פון דער הויך קליינע, ווייסע פויערישע כאַטקעס, וועלכע זענען געלעגן בעהאַלטן צווישן געדיכטע צווייגן און קשאַקעס.

די קרוינפּרינצעסין סטעפאַניע איז געווען ערשט נאָך אַ קימפּעט. ס'איז געווען דאָס ערשטע קינד, וואָס זי האָט גע־שאָנקען איר מאַן. איר געזיכט איז דעריבער געווען נאָך בלאַס

און פון די אויגן האָט אַרויסגעקוקט אַ מאַטקייט און מידיג־קייט. דאָך האָט אויף איר די געגנד און די ריינע לופט גע־ווירקט דערפרישנדיק.

די קאַרעטע איז אַלץ געפאָרן ווייטער ביז זי האָט זיך געשטעלט נעבן אַ ריזיגער אַראָבהענגעדיגער וואַנד. דאָס איז געווען אַ פעלז, וואָס האָט איבערגעשניטן דעם ווייטערדיגן וועג.

זיי האָבן בעפוילן דעם קוטשער אויף זיי צו וואַרטן און, אָננעמענדיג זיך ביי די הענד, האָבן זיי גענומען קלעטערן אויף די בערגלעך. סטעפאַניען האָט אַרומגעכאַפּט אַנ׳אומהיימליך גע־פיל. זי האָט געוואָלט צוריקגעהן, אָבער רודאָלף האָט זי דער־פון צבגעהאַלטן. זיי זענען אָבגעגאַנגען אַ פופציג טריט. פּלוצ־לינג האָט זיך צו זייערע אויערן דערטראָגן אַ יאָמערליך געשריי, ווי אַ קליין קינד וואָלט געריסן זיך דעם האַלז.—וואָס קאָן דאָס זיין? — האָט די קרוינפּרינצעסין דערשראָקן געפרעגט.

— דאָס איז זיכער אַ געשריי פון אַ ווערלכער ס׳איז חיה, אַמוואַרשיינליכסטן פון אַ קאַץ, — האָט רודאָלף געזאָגט, — אָבער אויב דאָ איז ערגיץ פאַראַן אַ קאַץ, מוזן זיך דאָך דאָ אויך געפינען מענשן.

זיי זענען געגאַנגען ווייטער און צוגעקומען צו אַנ׳איינגע־פאַלן, האַלב־פערפוילט שטיבל. אויף דעם צובראָכענעם דאָך פון שטיבל איז געשטאַנען אַ שוואַרצער קאָטער און שרעקליך געמיאַוקעט. רודאָלף האָט פערשטאַנען, אַז אין דעם דאָזיגן שטיבל מוזן וואוינען מענשן, ער האָט דעריבער בעשלאָסן זיך צו דערוויסן ווער עס קאָן וואוינען אין אַזאַ איינגעפאַלענער כאַטע. אָבער סטעפאַניע האָט אים אָבגעהאַלטן דערפון:

— רודאָלף, הער אויף, איך שרעק מיך פאַר עפּעס, קום פון דאַנען!

אָבער ער האָט זיך האַרציג צולאַכט:

— דו שרעקסט דיך? פאַר וועמען! איז דען דאָ אַזאַ קראַפט, וואָס זאָל קאָנען בייטשטעהן דעם טראָנפאָלגער פון גרויסן עסטרייך? ביזט מיט מיר!

די קרוינפּרינצעסין האָט אים ווידער געבעטן, אָבער ער

איז געווען נייגעריג צו וויסן וועד עס געפינט זיך אין דעם שטיבל. ער איז צוגעגאנגען און שטארק גענומען קלאפן אין דער וואנד. קיינער האט נישט געענטפערט. אבער רודאלף האט געפילט, אז אימיצער געפינט זיך דארט. ער איז אריין אינעווייניג און מיט א שוועבעלע אין דער האנד בעלויכטן דאס פינצטערע אלקערל. אויף דער ערד איז געלעגן אנ'אלטע פרוי און געשלאפן. איר פנים האט אויסגעזען שרעקליך. די אויגן זענען געווען, ווי צוויי לעכער און די באקן איינגעפאלענע, איינגעשרומפטע. זי האט אויסגעזען, ווי עפעס א לעגענדארישע מכשפה.

— העי, אלטע, וואס טוסטו דא אין דער וויסטעניש? — האט רודאלף זי גענומען וועקן.

זי האט זיך באלד אויפגעכאפט און אן שום שרעק און פערוואונדערונג גענומען קוקן רודאלפן אין די אויגן. — פאר וואס שטערסטו די רו פון אנ'אלטע פרוי? — האט זי ביין געפרעגט.

— הער, אלטע, — האט ער געזאגט, — קום ארויס אין דרויסן, וועסטו קריגן פון מיר אפאר קראנען, אבער פריער מוזטו מיר זאגן, ווי אזוי דו קומסט אהער?

די אלטע האט זיך קוים אויפגעהויבן און, אנשפארנדיג זיך אויף א שטעקן, האט זי גענומען ארויסגעהן אין דרויסן פאר דער כאטע. דארטן איז געלעגן א גרויסער שטיין, אויף וועלכן זי האט זיך אוועקגעזעצט.

— וואס ווילסטו אייגנטליך פון מיר, קרוינפרינץ? — האט זי געזאגט און אירע אויגן־לעכער האבן זיך דערביי שרעקליך צוזאמענגעצויגן.

רודאלף און סטעפאניע האבן זיך פערוואונדערט איבערגעקוקט.

— פון וואנען ווייסטו, אז איך בין דער קרוינפרינץ? — האט ער געפרעגט.

— ווען איך וואלט נישט געוואוסט, וואלט איך נישט פערשטאנען דאס, וואס איך פערשטעה.

— טא וואס פערשטעהסטו, אלטע?

— ווייז דיין האנד, וועל איך דיר זאָגן, — האָט די אַלטע געזאָגט.

— ווילסט טרעפן פון מיין האנד? יאָ? מיין צוקונפט ווילסטו מיר זאָגן! אַהאַ! טשיקאַווע צו וויסן וואָס אַזאַ זקנה, וואָס ביסט שוין מער אויף יענער וועלט, ווי אויף דער וועלט, ווייסט!

ער האָט זיך הויך צעלאַכט און איר דערלאַנגט די האנד. סטעפּאַניע איז געשטאַנען און געציטערט אינגאַנצן. זי האָט מורא געהאַט פאַר טרעפערקעס. זי האָט געוואוסט, אַז זיי וואַרפן שטענדיק אָן אַ שרעק אויפן מענטשן. דעריבער האָט זי געבעטן רודאָלפן, אַז ער זאָל די אַלטע לאָזן צורו און פאָרן צוריק אַ היים.

— נאַריש קינד, — האָט ער געזאָגט צו איר מיט אַ שמייכל, — וואָס האָסטו מורא, איך גלויב דאָך סיי ווי סיי נישט אין די בבא־מעשיות, וואָס דידאָזיגע אַלטע וועט מיר זאָגן. איך בין בלויז נייגעריג — נישט מער.

די אַלטע האָט אים בייז אָנגעקוקט. איר געלע ביינערדיגע האנד האָט אָנגענומען זיינע און פון איר ציינלאָז מויל האָבן זיך גענומען שיטן פאַלגנדיגע ווערטער:

— הער, קרוינפּרינץ פון עסטרייך, איך זע אויף דיין האנד נישט קיין גוטע צייכנס. איך ווייס, אַז די, וואָס שטעהט דאָ דערנעבן, איז דיין ווייב, די טאָכטער פון בעלגישן קעניג, לעאָפּאָלד דעם צווייטן. זעסט, אַז איך ווייס אַלץ — און דעריבער בעפּריי מיך פון מיין אויפגאַבע, איך האָב מורא ווייטער צו רעדן.

— רעד, רעד, אַלטע, איך וועל דיר גאָרנישט טון!

און די אַלטע האָט מיט אַ געבראָכענער, ציטערדיגער שטים גענומען רעדן:

— איין צייכן בעווייזט, אַז דיין לעבן וועט דינען זעהר קורץ. אַ פרוי מיט שוואַרצע אויגן וועט עס איבערהאַקן. דער צווייטער צייכן וויל זיך ציען ווייטער. דאָס לעבן וויל ווייטער שפּינען דעם פאָדים, נאָר אַ פּייף פון אַ מענטש און בלוט־

פלעקן אויף א טעפּיך וועלן עס איבעררייסן. הער־זשע, ברּאָנ־
פאָלגער פון דער דינאַסטיע האַבסבורג: היט דיך פאַר אַ פריי
מיט שוואַרצע אויגן, פאַר אַ פייף פון אַ מענש און פאַר
בלוט־פלעקן אויף אַ טעפּיך!

דאָס זאַגנדיג, האָט זיך די אַלטע אויפגעהויבן און שנעל
אַריינגעלאָפן אין איר כאַטקע. רודאָלף האָט געמאַכט אַן'אָנ־
שטעל, אַז די ווערטער פון דער געהיימניספולער זקנה געהען
אים ווייניג אָן, אָבער זיין פרוי, סטעפאַניע, האָט אין די אויגן
זיינע דערקענט, אַז ער איז אומעטיג געוואָרן. ער האָט מכלומר'שט
געלאַכט, אָבער דאָס געלעכטער איז געווען קאַלט און געקינצלט.

זיי זענען מיט שנעלע טריט צוגעגאַנגען צו דעם אָרט,
וואו עס האָט אויף זיי געוואַרט די קאַרעטע און, אַריינזעצנדיג
זיך, זענען זיי שנעל אָבגעפאָרן אין האָפבורג, אין קייזערליכן
פּאַלאַץ. אויפן גאַנצן וועג האָבן זיי צווישן זיך נישט אויסגע־
רעדט קיין איין וואָרט, ווי עפּעס אַ שווערער קאָשמאַר וואָלט
זיי ביידן געדריקט.

## 3. „דער שעהנער רודי"

די חתונה צווישן דער קרוינפרינצעסין סטעפאַניע און
דעם עסטרייכישן טראָנפאָלגער האָט נישט געבראַכט קיין
גליקליך לעבן צווישן דעם דאָזיגן פאָר. לכתחילה איז אַלץ
געווען אין בעסטן אָרדנונג. זיי האָבן זיך ביידע גיגלעבט צו־
פרידן. די ערשטע אומצופרידנהייט איז ביים קרוינפרינץ ענט־
שטאַנען דאַמאָלס, ווען סטעפאַניע האָט אין 1883 געבוירן אַ
קינד פון ווייבליכן געשלעכט. ער האָט געהאָפט אויף אַ יורש
עצר מיט דעם דאָזיגן געבוירן ווערן פון אַ מיידל זענען
זיינע האָפנונגען דערוייל צורונען געוואָרן.

אָבער דאָס איז נאָך נישט געווען די הויפּט־סיבה פון
דער אַלץ ווייטערדיגער צוריסנקייט, וואָס איז אַריינגעטרעטן
אין לעבן פון מאַן און ווייב.

רודאָלף איז געווען אַ טעמפּעראַמענטפולער, לעבנסלוס־
טיגער און ליידנשאַפטליכער מאַן. ער איז אויך נישט געווען

אזוי שטייף איינגעצויגן אין דעם שטרענגן הויף־עטיקעט, ע איז מער געווען רודאָלף, ווי קרוינפרינץ, מער מענש, ווי טראָנפאָלגער. ער איז געווען זעהר פריי אין בעציהונגען מיט אנדערע מענשן, אפילו פון נידריגסטן שטאנד (לויט זיינע בעגריפן).

אָבער זי, די טאָכטער פון בעלגישן קעניג, וועלכע איז סך־הכל אלט געווען זעכצן יאָר צו דער חתונה, האָט דאָס פער־בונדן זיך מיטן עסטרייכישן טראָנפאָלגער, פערשטאַנען אַלס אַקט פון גוטן ווילן פון אירע קעניגליכע עלטערן. זי האָט פער־שטאַנען, אַז ווערנדיג דאָס ווייב פון רודאָלף האַבסבורג, ווערט זי גלייכצייטיג די מיטהערשערין איבער דעם גרויסן, פיל־פעלקערדיגן לאַנד עסטרייך, די צוקונפטיגע קייזערין איבער אזויפיל פעלקער. זי האָט ווייניג געטראַכט דערפון, אַז זי דאַרף אויך זיין אַ פרוי פאַר איר הייסן, טעמפעראַמענטפולן מאַן. איבעריגנס איז זי געווען פון דער נאַטור זעהר אַ קאַלטע און נישט בעפרידיגט די ברויזנדיגע געפילן פון איר מאַן. דאָס אַלץ האָט ביסלעכווייז געווירקט, אַז דער קרוינפרינץ זאָל זיך אויף אַנ'אומלעגאַלן אופן אויסגעפינען אַזעלכע וועגן, וואָס זאָלן שטילן זיין פלאַמיגן, גלוסטיגן דורשט נאָך לעבן און תענוגים. צוליב דעם האָבן אויך געמוזט קעלטער ווערן זיינע בעציהונגען צו סטעפאַניען, ווייל ער פלעגט אָפט פערנאַכלעסיגן זיינע פליכטן לגבי איר.

צוזאַמען מיט זיינע קאָלעגן פון דער אדל־וועלט, צווישן וועלכע עס האָבן זיך אויך געפונען די דריי נאָענטסטע פריינד זיינע: דער גראַף האָיאָס, דער פירשט קאָבורג (זיין שוואָגער, וועלכער איז געווען דער מאַן פון זיין פרוים שוועסטער) און דער הערצאָג בראַגאַנצאַ, פלעגט רודאָלף איינאָרדנען נאַכט־אָרגיעס אין דעם ספּעציעל אויסגעבויטן פּאַלאַץ אין מ יי ע ר־ל י נ ג. אין דיזאָזיגע צרגיעס פלעגן אויך אָנטייל נעמען פרויען פון דער האַלב־וועלט. די שכרות־נעכט פלעגן דעם קרוינפרינץ מאַכן פערגעסן אָן דעם שווערן צוזאַמענלעבן מיט זיין פרוי.

חוץ דעם האָט ער אויך געזוכט אויסלאָדענען זיין שטאַר־

קע און ברוויזנדע ענערגיע אין די אַפּטע יאָגדן, וואָס ער מיט זיינע חברים פלעגן איינאָרדנען אין דער געגנט פון מייערלינג.
צו דעם צוועק איז טאַקע דאָרטן אויפגעבויט געוואָרן דער דאָר־זיגער פּאַלאַץ, כדי די געסט זאָלן נאָך דער יאָגד האָבן וואו זיך אויסצורוען. רודאָלף פלעגט אין מייערלינגער פּאַלאַץ אויך אַרבעטן איבער זיינע וויסנשאַפטליכע אַרבעטן, איבער דער לאַנד־קענטעניש פון עסטרייך. דאָרטן אהין, אין דעם אָבגעזונ־דערטן פּאַלאַץ, פלעגט ער אויך איינלאַדן די געליבטע פרויען, וועלכע פלעגן אים שענקען זייער נשמה און קערפּער.
צווישן אַנדערע פיל פרויען האָט ער אויך אַ לענגערע צייט געהאַט בעציהונגען מיט דער פרוי פון אַ רייכן יודישן באַנקיר, פרוי פ. דאָס איז געווען אַ יונגע, שטאַרק ענטוויקלטע, הייסבלוטיגע יודישע טאָכטער. זי האָט אים אַ לענגערע צייט געהאַלטן געפאַנגען אין איר ליידנשאַפטליכער נעץ. זי פלעגט אין זיין פּאַלאַץ, אין מייערלינג, דערשיינען אין די פּרעכ־טיגסטע קליידער, דערנאָך אַלץ פון זיך אַראָבוואַרפן און בלייבן שטעהן אַ נאַקעטע, אַ רייצנדיגע מיט אירע וואונדערליך־געצ־שניצטע גלידער. ער פלעגט מיט פולע שלינגען זופּן פון דעם ראָזיגן בעכער פון ליידנשאַפט. ביז דער בעכער איז געוואָרן ליידיג. אין אַ שעהנעם פרימאָרגן איז זי אים פערמיאוסט גע־וואָרן, ווי עס פלעגן אים פערמיאוסט ווערן אַ סך אַנדערע פרויען, און ער האָט מער נישט געשיקט נאָך איר, אויף אירע בריף האָט ער נישט געענטפערט. ער האָט זיך גראָד געהאַט בעקענט מיט אַנ׳אָפּערן־אַרטיסטין, וועלכע איז גרייט געווען צו שענקען אירע קערפּער־שעהנקייטן דעם „לעבנסלוסטיגן הו־די". און ווען זיין אַלץ־זוכנדיגע, דורשטיגע נאַטור האָט זיך אָנגעזעטיגט מיט דער דאָזיגער זינגערין, האָט ער ווייטער געמאַכט אַ יאָגד אויף פרויען־וועזנס, ווי ער פלעגט מאַכן יאָגד אין מייערלינגער וואַלד...
איז דען געווען אַ פרוי, וואָס איז נישט גרייט געווען אים אָבצוגעבן אַלץ, אַבי זיך צו געפינען אין די אָרעמס פון שעה־נעם טראָנפאָלגער? האָט זיך דען געקאָנט געפינען אַ פרוי,

ווּאָס זאָל זיך אים אָקעגנשטעלן? ער האָט געפילט, אַז יעדע פרוי בויגט זיך, ווי אַ דינער זאַנג, אונטער זיין ליידנשאַפט־ליכן בליק, אַז אַלע ווינערינס געהען אויס נאָך איין וואָרט זיינס, אַז ער איז דער אָבגאָט פון אַלע ווינער פרויען.

· ערנסט ליב געהאַט קיין פרוי האָט ער קיינמאָל נישט. ער האָט געוואוסט בלויז פון איין כלל: געניסן! און אויב אַ פרוי האָט אים מער נישט בעפרידיגט, איז זי פאַר אים געוואָרן פולשטענדיג גלייכגילטיג. ער האָט אין די אַלע פרויען, מיט וועלכע ער האָט פערקערט, נישט געזען מער, ווי אַ מיטל זאָט צו מאַכן, אָנצוטרונקען זיין דורשטיגע, אויפפלאַמענדיגע נשמה. און אַלס שטאַרקער מפונק האָט ער פיינד געהאַט שטענדיג צו טרינקען דעם ווין פון דערזעלבער מאַרקע. דער טראַנספאָלגער פון דער גרויסער מדינה האָט געוואוסט און געפילט, אַז ווער, נאָר ער קאָן זיך דערלויבן צו טוישן די פרויען. מבינים טוישן סאָרטן ווינען, כדי צו זען, וועלכער איז געשמאַקער...

דער אַלטער קייזער האָט דערויף געקוקט דורך די פינגער. ערשטנס איז ער גופא נישט פריי געווען פון אַ זייטיגער ליבעס־שפיל. ס'איז פאַר קיינעם קיין סוד נישט געווען, אַז די בעקאַנטע פרוי שראַט שענקט פראַנץ־יאָזעף'ן זיסע און גוטע מינוטן. צווייטנס האָט דער מאָנאַרך פערשטאַנען, אַז צוליב די־דאָזיגע ליבעס־פלירטן פון זיין זון וועט זיכער נישט געשטערט ווערן דאָס פאַמיליען־לעבן פון רודאָלף'ן מיט זיין פרוי. ווייל קודם־כל איז דעם קייזער געגאַנגען דערין, אַז די פערבינדונג מיטן בעלגישן הויף זאָל נישט געשטערט ווערן. און ער האָט געוואוסט, קייזער פראַנץ־יאָזעף, אַז צוליב זייטיגע ליבעמעשיות מיט פערשידענע פרויען, הערט מען נישט אויף צו זיין אַ געטרייער און איבערגעגעבענער מאַן צו דער איינענער פרוי. באמת, קאָן דען איינס שטערן דאָס צווייטע? אַנדערש איז, אַז מען פערליבט זיך ערנסט. אָ, ערנסטע ליבע קאָן ווערן נעפערליך! איער זיין זון רודאָלף, האָט זיך ביז איצט נישט פערליבט און וועט זיך, אודאי, אויף ווייטער אויך

נישט פערליבן, ווייל ער האָט צו טון מיט אַ סך פרויען. מאָ פּאַרוואָס־זשע זאָל ער דעם טראַנספּאַלגער שטערן אין זיינע „ליבעלייען“, אין זיינע ליבעס־שפּילערייען?

ווער האָט געקאָנט גלויבן, אַז אינמיטן דער פרעהליכן, פאַרגלאָזן לעבן פון קרוינפּרינץ וועט אויסברעכן אַ שטורם? ווער האָט געקאָנט וואַגן צו קומען מיט אַ נביאות, אַז אַ־ם, דעם פרויען־בעזיגער, דעם אַלמעכטיגן, צוקונפטיגן קייזער פון דער דוניי־מלוכה וועט בעזיגן און צושמעטערן אַ קליין, צאַפּלדיג פרויען־הערצל? אַז אַ יונג ווענז, נאָך אַ קינד כמעט, וועט פערקירעווען דעם גורל פון טראָן, ה'עט ענדערן דעם ווילן און בעגער פון מיליאָנען איינוואוינער פון דער מדינה עסט־רייך?

## 4. די פרוי מיט די שוואַרצע אויגן

אין די פּרעכטיגע, מירמלשטיינערנע און מיט פּלוש און זיידנס בעדעקטע סאַלאָנען פון דער גרעפין לאַריש רודערט זיך שטאַרק. ס'איז קאַרנאַוואַל־צייט און די גרעפין לאַריש גיט היינט אַ באַל פאַר די אַדל־לייט און פירשטן פון ווין.

די צוגרייטונגען צום היינטיגן באַל געהען־צו מיט אַ שנעלן טעמפּאָ, די דינער לויפן פון איין צימער אין אַנדערן, פון איין שטאָק אויפן אַנדערן. אַלץ דאַרף זיין מיט דעם פּרעכטיגסטן און לוקסוסדיגסטן קאָמפּאָרט, עס זענען דאָך בעראַטן די אַנגעזעענסטע פּערזענליכקייטן, און דער עיקר, דער עיקר — איז היינט אויך פערבעטן דער קרוינפּרינץ, ער אַליין, דער „שעהנער רודי“. דאָס אַליין איז שוין גורם דערצו, אַז אַלץ ווערט צוגעגרייט אויף אַ ממש קייזערליכן אופן.

אין הויפּט־זאַל האָבן געפלאַקערט טויזנדער קאַנדעלאַברעס. די דאַמען האָבן זיך געשפּיגלט אין די לאַנגע, געשליפענע שפּיגלען און די מענער האָבן בעטראַכט זייערע געלאַקטע, גלאַנציגע פריזורן, אין וועלכע עס האָבן געפינקלט דימענטן און בריליאַנטן, בעטראַכט זייערע קליידער, וועלכע זענען גע־

ווען אויסגעהאַפטן מיט זילבערנע און גאָלדענע געוועבן. די נאָ־
קעטע העלזער און אַקסלען פון די פרויען האָבן גערייצט אין
דערצעהלט וועגן הורכגעלעבטע זינד.

דער אָרקעסטער האָט גאַלאָפּירט מיט שוימיגע וואַלסן,
די עכטע ווינער וואַלסן, וועלכע פערהדרעהען דעם קאָפּ, ווי טאָ־
קייער ווײַן. דער עולם האָט געטאַנצט און געטרונקען שאַמ־
פּאַניער. אַלץ אַרום האָט געשטורמט מיט גענוס און פרייד.

פּלוצלונג איז אַריינגעלאָפן די גרעפין לאַריש און גע־
געבן אַ צייכן מיט דער האַנד, עס זאָל זיין שטיל. אַלע האָבן
פערשטאַנען דעם דאָזיגן צייכן.

— דער קרוינפּרינץ, דער קרוינפּרינץ! — האָט זיך, ווי
אַ לייכטע כוואַליע, דורכגעטראָגן אַ געמורמל איבערן זאַל.

ער איז אַריינגעקומען אין אַ מונדיר פון אַ פעלד־מאַר־
שאַל (דעם דאָזיגן טיטול האָט ער נאָר וואָס געהאַט בעקומען).
זיינע טריט זענען געווען זיכערע און שטאָלצע, אָבער אויף זיין
געזיכט האָט גערוט אַ ליבנסווירדיגער שמייכל, ווי ער וואָלט
געוואָלט זאָגן: — צו וואָס טויג אָט די גאַנצע צערעמאָניע?
דער אָרקעסטער האָט געשפּילט דעם נאַציאָנאַלן הימן און דער
עולם האָט אים בעגעגנט מיט בעגייסטערטע אויסגעשרייען.

אָבער באַלד האָט ער זיך אויסגעמישט צווישן עולם, נישט
געוואָלט זיך אויסטיילן, נישט געוואָלט זיין אָפּיציעל, ווייל אַנ־
דערש וואָלט ער אויפ׳ן באַל נישט געקאָנט גוט פערברענגען.
און ער האָט געוואָלט געניסן. זיין געניט האָט אויג באַלד
ביים אַריינגאַנג בעמערקט, אַז אויף דעם דאָזיגן באַל זענען
געקומען די שענסטע פרויען, וואָס ווין פערמאָגט. ער האָט
באַלד אַרויסגעזאָגט אַ וויץ פאַר זיין פריינד, דעם גראַף
האָיאָס, אַז „אין דעם דאָזיגן וואַסער קאָן מען כאַפּן גוטע
פיש"...

גראַף האָיאָס האָט זיך הויך צולאַכט און געענטפערט:
— אַ פראַגע אָבער, צי די דאָזיגע פיש לאָזן זיך כאַפּן...
דערויף האָט אים דער קרוינפּרינץ אויך אין וויץ געענט־
פערט:

— אויב מ׳האָט אַ גוטע נעז, לאָזן זיך שוין די פיש כאַפּן.

ער האָט אַרומגעשפּאַצירט איבערן זאַל אין דער געזעל־שאַפט פון זיינע דריי טרייע חברים: גראַף האַיאַס, הערצאָג בראַגאַנצאַ און זיין שוואָגער, דער פירשט קאָבורג. זיי האָבן געשמועסט וועגן פערשידענע פּרויען־שעהנקייטן, וואָס זענען געווען אויפ׳ן באַל און יעדער האָט אַרויסגעזאָגט זיין בעזונ־דער מבינות.

פּלוצלונג האָבן די שאַרפע אויגן פון קרוינפּרינץ בעמערקט אין אַ זייטיג ווינקל פון זאַל, נעבן אַ מיטמלשטייגערנעם פּאָרטאַל, אַ געשטאַלט פון אַ פרוי. הגם די דאָזיגע פרוי האָט זיך געפונען כמעט אויפן אנדערן עק זאַל, האָט ער דאָך געפילט, ווי צוויי שוואַרצע אויגן פרעסן זיך ממש איין אין זיין געזיכט. זיי זענען געווענדעט גלייך אויף אים, פון זיי שלאָגט אַזאַ פלאַקערדיג פייער, אַז ער פילט אַזש אַ הייסקייט. ס׳דוכט זיך אים אויס, אַז דאָס זענען גאָרנישט קיין אויגן, נאָר צוויי שוואַרצע פיאַוועקעס, וועלכע קלאַמערן זיך איין אין זיין פנים. אַזעלכע אויגן האָט ער נאָך נישט געזען! ס׳פערפעלט אים אַזש אָטעם. ער קאָן זיך גאָרנישט צוגלויבן, אַז די אויגן פון אַ פרוי זאָלן אים אַזוי קאָנען בעצווינגען. ווער איז זי דאָס, די דאָזיגע פרוי מיט די שוואַרצע אויגן?

האָט רודאָלף געדענקט אין דער דאָזיגער מינוט די רייד פון דער אַלטיטשקער טרעפערקע? ווער ווייסט? אָבער זיינע אויגן האָט ער שוין מער פון דער דאָזיגער פרוי נישט אָראָבגעלאָזט.

— רודי, וואָס פאַר אַ פישעלע האָבן דיינע אויגן בעמערקט? האָט דער פירשט קאָבורג, לאַכנדיג געפרעגט.

— איך... גאָרנישט... — האָט ער כמעט ווי געשטאַמלט, נישט קאָנענדיג בעהערשן זיין צורודערונג, אויף וועלכער ער האָט זיך אַליין געוואונדערט.

— וואָס איז דיר? — האָט שוין אַביסל ערנסטער גע־פרעגט דער גראַף האָיאַס, זעהענדיג די געוואַלדיגע צושטרייט־קייט פון קרוינפּרינץ.

— אַ מאָדנע זאַך, — האָט רודאָלף ענדליך אַרויסגע־רעדט, — איך האָב גאָרנישט געוואוסט, אַז אַ פּאָר אויגן פון אַ פרוי קאָנען אַזוי פערכישופ'ן...

— וועלכע אויגן? וואו? האָבן אַלע דריי חברים פער־וואונדערט אויסגעשריגן.

אָבער די פרוי מיט די שוואַרצע אויגן איז שוין אויף יע־נעם אָרט נישט געזעסן און רודאָלף האָט זי אומזיסט מיט זיין שאַרפן בליק אַרומגעזוכט אין זאַל.

— איר הערט, — האָט ער געזאָגט, — איך האָב איצט זיך געטראָפן מיט אַ פּאָר אויגן, וועלכע איך האָב אַמאָל גע־זען אין חלום... איך בין דאַמאָלס געווען אַזוי גליקליך... איך האָב די דאָזיגע אויגן שטענדיג געזוכט, אויף אַלע ווינער גאַסן, אויף אַלע בעלער, אומעטום — און אומזיסט. איך האָב כסדר געבענקט נאָך דידאָזיגע אויגן און איך בין געווען זיכער, אַז איך וועל זיי שוין קיינמאָל נישט זען, אַז בלויז אין חלום קאָן מען זען אַזעלכע שוואַרצע פיילן־אויגן, אָבער אָט... זיי געפינען זיך דאָ אין זאַל! אין דעם דאָזיגן זאַל!

— וואו האָסטו זיי? וואו? מיר זעען נישט, — האָבן זיך אָנגערופן קאָבורג און האָיאַס, און בראַגאַנצאַ איז אוועק איבערן זאַל אויסזוכן די פרוי, וואָס האָט אַזוי שטאַרק געווירקט אויפ'ן קרוינפּרינץ.

— כ'ווייס נישט, די פרוי איז נאָר וואָס אָט דאָרטן גע־זעסן. אָבער זי איז דאָ אין זאַל. וואַרט אַ ווייל, איך וועל זי אויפזוכן. כ'מוז זי אויפזוכן! — האָט ער פעסט צוגעגעבן.

רודאָלף איז צוגעגאַנגען צו דער גרעפין לאַריש. און געבעטן אים בעקענען מיט אַ ריי געסט, וועלכע ער קען נישט.

ער האָט זי גענומען אונטערן אָרעם און זי האָט אים אַרומגעפירט און פאַרגעשטעלט אַ סך געסט. פּלוצלונג איז ער שטעהן געבליבן. פערביי אים איז, ווי אַ שוואַלב, אַדורכגעפלויגן

יענע פרוי מיט די שוואַרצע אויגן. ער האָט בעמערקט, ווי איר בליק האָט זיך אין אַ סעקונדע איינגעזויגן ממש אין זיין געזיכט.
— קוזינע, ווער איז די־דאָזיגע פרוי?
— וועלכע?
— אָט יענע, אין דעם בלויען קלייד מיט גאָלדענע שטערנס אויסגעהעפט, מיט דער בריליאַנטענער האַלב־לבנה אין דער שוואַרצער, געלאָקטער פריזור?
זיין שטים האָט געציטערט פון אויפרעגונג, די גרעפין האָט אַ שמייכל געטון.
— אַ פרוי זאָגט איר? זי איז דאָך נאָך כמעט אַ קינד. דאָס איז די טאָכטער פון מיין זעהר גוטער בעקאַנטער באַראָנין וועטסעראַ. איר האָט נישט געהערט פון דעם באַראָן וועטסערא, וועלכער איז מיט עטליכע יאָר צוריק געשטאָרבן אין קאַאירא? אַ בעקאַנטער דיפּלאָמאַט געוועזן. ער איז געשטאָרבן, איבערלאָזנדיג אַ פרוי מיט צוויי טעכטער. און דאָס איז טאַקע די יונגסטע טאָכטער, מאַריע וועטסעראַ. זי איז סך־הכל אַלט אַכצן יאָר. זי געפעלט אייך?
דער קרוינפרינץ האָט אַראָבגעלאָזט די אויגן, ווי אַ פערשעמט קינד. דאָס ערשטע מאָל האָט די גרעפין לאַריש בעמערקט אויף זיין פנים אַזאַ אונשולדיגן אויסדרוק. ער האָט געענטפערט:
— קוזינע, איך וויל, אַז איר זאָלט מיך בעקענען מיט דעם דאָזיגן יונגען מיידל. איך ווייס נישט, צי זי געפעלט מיר, אָבער איך וויל זי קענען.
אין דער זעלבער מינוט איז פערביי געגאַנגען די באַראָנין וועטסעראַ. די גרעפין לאַריש האָט זיך געווענדעט צו איר מיט אַ ליבליכן שמייכל:
— באַראָנין, אונזער קרוינפרינץ וואונדערט זיך, וואָס ער האָט ביז איצט נישט געוואוסט, אַז אייער טאָכטער מאַריע געהערט צו די שעהנסטע מיידלעך אין ווין.
— איך וועל זיין גליקליך, ווען אייער הויכקייט וועט זיך

פערזענליך דערין איבערצייגן, — האָט זי געזאָגט און צוגע־
חוזפן די פערבייגעהענדיגע מאַריע.

מאַריע וועטסעראַ איז געשטאַנען מיט אַ בלאַס געזיכט
און נישט אַראָבגעלאָזט איר בליק פון קרוינפּרינץ. זי האָט
קיין שמייכל נישט געטון, ווי דער געזעלשאַפטליכער עטי־
קעט האָט דאָס פערלאַנגט, זי האָט זיך נישט פערנייגט, אירע
אויגן האָבן בלויז אָנגעקוקט זיינע און זי האָט אים דערלאַנגט
איר ציטערדיגע האַנד, וועלכע האָט, ווי אַ פישל, געצאַפּלט
אין זיין דלאָניע.

יאָ, דידאָזיגע אויגן האָט ער עטליכע מאָל געזען אין
חלום, דידאָזיגע אויגן האָבן זיך אים אָפטמאָל בעוויזן אין די
האַלוציניאַציע־נעכט אין מייערלינג, נאָך די ווילדע, שכורע
אָרגיעס. ער האָט איצט קיין וואָרט נישט געקאָנט אויסרעדן.
ער האָט נאָר בלויז בעטראַכט אירע ברעמען, וואָס האָבן אויס־
געזען, ווי צוויי פייַלנבויגנס, אירע שוואַרצע וויעס, וואָס
האָבן, ווי זיידענע פוירהאַנגען, פערדעקט אויף אַ העלפט דעם
טיפן, אונענדליכן אָבגרונד פון אירע אויגן. אירע ליפּן זענען
געווען שמאָל און דין, פון איר גאַנץ פּנים האָט געאָטעמט
אַזויפיל עקזאָטישע וואַרימקייט, אַז ס'איז אוממעגליך געווען
גלייכגילטיג צו שטעהן אין אירע ד' אַמות. די בריליאַנטענע
האַלב־לבנה אין איר סאַמעט־שוואַרצע לאָקן־פריזור, האָט אויס־
געזען, ווי אַ זון איבער איר קאָפּ. איר הויט האָט געהאַט אַ
קאָליר פון טייערן פערלמוטער און האָט וואונדערליך אָבגע־
שיינט אין דער העלקייט פון זאַל.

— איז אייך דערלויבט צו בעטן צום טאַנץ, גנעדיגע פריי־
ליין? — האָט רודאָלף געפרעגט און זייערע אויגן האָבן גע־
ברענט פון אויפרעגונג און אויפגעברויזטער ליידנשאַפט.

— שוין? אַזוי שנעל רודאָלף? — האָט די גרעפין
לאַריש געפרעגט אין וויץ.

— איך נעם אָן אייער איינלאַדונג, — האָט מאַריע שנעל
אַ זאָג געטון און במשך פון איין סעקונדע איז זי שוין געווען
אין די אָרעמס פון קרוינפּריץ. זי איז, ווי אַ פער'חלש'טע,

ארײַנגעפֿאַלן אין זײַנע הײסע אָרעמס, װעלכע האָבן זי צוגע־דריקט צו זיך, װי אַ מאַמע חריקט צו צו זיך איר געפֿונען קינד, אין אַ װײַל אַרום האָבן זײ שױן אַרומגעקרײזט, װי אַ גע־װירבל, איבערן זאַל.

אַלע געסט, אַלע דאַמען, אַלע הערן האָבן פֿול מיט קנאה־אױגן און שטילן געפּליסטער געמורמלט:

— דער קרױנפּרינץ מיט... מאַריע װעטסעראַ?!...

װײַל רודאָלף איז געװען אַ ביסל העכער פֿון איר, האָט מאַריע, טאַנצנדיק, בעסער געזאָגט, אױסגעהענדיק פֿון תענוג אין זײַנע אָרעמס, אַרױפֿגעקוקט צו אים. אירע שװאַרצע אױגן האָבן דורכגעלעכערט דעם דיקן פּאַנצער פֿון זײַן נשמה און דורכגעשלאָגן זיך דאָרטן אַ װעג ביז צום סאַמע דעק. ער האָט געפֿילט, אַז דידאָזיגע אױגן בלײַבן פֿערחתמעט אין זײַן אײגן האַרץ, און אַז ער װעט זיך קײנמאָל פֿון זײ נישט קאָנען בע־פֿרײַען.

װען זײ האָבן געענדיקט דעם טאַנץ האָבן זײ גאָרנישט גע־רעדט אײנער צום אַנדערן. װערטער װאָלטן דאָ גאָרנישט גע־זאָגט. זײ האָבן זיך שױן ליב געהאַט, אײדער זײ האָבן זיך געקענט, זײ האָבן שױן געהערט אײנער צום אַנדערן פֿון לאַנג, נאָר זײ האָבן זיך איצט צופֿעליק געטראָפֿן... זײ האָבן זיך בײדע געלאָזט געהן אין אַ זײַטיק צימער, װאָס איז געלעגן אײַנגאַנצן אָן אַ זײַט פֿון די הױפּט־זאַלן.

זײ זענען אַרײַנגעקומען אין אַ קלײן צימערל, װאָס איז געװען טונקל בעלױכטן מיט אַ רױטע ליכט. מאַריעס געזיכט האָט אױסגעזען, װי עס װאָלט געברענט.

ער האָט זי אַװעקגעזעצט אין אַ װײכן פּאָטעל. זי איז מע־כאַניש, װי אָן איר װילן, אַװעקגעפֿאַלן אױפֿן װײכן פּליוש, זי האָט כסדר געשװיגן, נאָר בלױז אים אָנגעקוקט מיט ליבע־פֿולע אױגן.

— מאַריע, מאַריע, — האָט ער פֿלוצלונג אָנגעהױבן צו פּליסטערן, — איך האָב אײַך... איך האָב דיך.... איך פֿיל

מאָל געזען אין חלום ... און אזוי געבענקט נאָך דיר ... און אזוי געזוכט דיך אומעטום ...

ער האָט זיך אראָבגעבויגן, קניענדיג, און בעדעקט אירע הענד מיט בריענדיגע קושן. זי האָט זיך נישט געוועהרט. זי האָט אים נאָר אָנגעקוקט מיט מאָדנע, אויפגעריסענע אויגן און פּלוצלונג ארויסגעשטאמלט:

— אייער פּירשטליכע הויכקייט פאַר מיר ... פאַר מאריע וועטסעראַ אויף דער קני ?!

אלס ענטפער דערויף האָט ער זי פעסט צו זיך צוגע־דריקט און איינגעפרעסט זיינע ליפּן אין אירע. — — —

## 5. דאָס געשריי פון גליק

ס'איז געשען. דער גורל האָט דערלאַנגט אַלעמען א סיורּ־פּריז. רודאָלף האַבסבורג, דער עסטרייכישער טראָנפאָלגער, דער מאַן פון דער קרוינפּרינצעסין סטעפאַניע האָט זיך איבער די אויערן פערליבט אין א געוועהנליכער באַראָנעסע, דערצו נאָך אין אַן'אכצן יעריג מיידל.

ווי אזוי איז עס געשען? און דערצו אזוי פּלוצלונג? ווער קאָן וויסן די סודות פון ליבע! פון דאַמאָלס אָן זינט די אַלטע טרעפּערקע האָט רודאָלפן פאַרגעזאָגט אַזאַ טראַגישע צוקונפט און אים אָנגעוויזן אויף עפּעס א געהיימניספולער פרוי מיט שווארצע אויגן, האָט זיך דעם קרוינפּרינץ נישט איינ־מאָל אין חלום בעוויזן אזאַ פרויען־געשטאַלט מיט קויל־שווארצע, פייערדיגע אויגן. דידאָזיגע געשטאַלט האָט שטענ־דיג פערפאָלגט זיין פאַנטאַזיע. ער האָט קיינמאָל נישט גע־גלויבט אין דער ווירקליכקייט זאָל ער קאָנען זען אַזאַ גע־זיכט, מיט אזעלכע אויגן. אינסטינקטיוו האָט ער געזוכט צו בעגעגענען אַזאַ פרוי. און ווען ער האָט זי בעגעגנט, אַזאַ ענ־ליכע צו דער פאַנטאַזיע זיינער, האָט מאָמענטאַל געמוזט אויפ־פלאַקערן א היים ליבע־געפיל.

אויך די אַכצן־יעריגע מאריע האָט איר גאַנץ לעבן גע־חלומט וועגן קרוינפּרינץ. עס האָבן וועגן אים געטרוימט טויזנ־

דער יונגע מיידלעך אין עסטרייך. אָבער מאריע האָט בעשלאָסן איר חלום צו פערווירקליכן. זי איז געווען נאָך יונג, אָבער ענטוויקלטער און רייפער פון אירע אכצן יאָר. איר שכל איז געווען שאַרף און מיט אַ ברייטן פערנעם. זי איז געווען אונ־געוועהנליך דרייסט אין אירע האַנדלונגען און גלייכצייטיג דיסקרעט און צערטליך. זי האָט געוואוסט ווי אָפּצושאַצן איר וואונדערליכע מתנה, וואָס די נאַטור האָט איר געגעבן: איר אויסערגעוועהנליכע שעהנהייט, אָבער זי האָט נישט דערלאָזט, אַז אימיצער זאָל אָפּרייסן כאָטש איין בלאַט פון איר בליענ־דיגער פּראַכט. זי האָט זיך אין גערעכנט איינגאַנצן מקריב גע־ווען אים, דעם „שעהנעם רודי", דעם טרוים פון איר לעבן.

זי האָט געוואַרט אויף פערשידענע געלעגנהייטן, כדי זיך צו טרעפן פנים אל פנים מיט איר אויסדערוועהלטן מאַן, אָבער ער איז אַלעמאָל געווען אין דער געזעלשאַפט פון זיין פרוי. דאָס פלעגט איר יסורים פערשאַפן. זי איז געווען איי־פערזיכטיג און דעריבער פלעגט זי באַלד אַוועקגעהן פון דעם אָרט, וואו דער קרוינפּרינץ פלעגט זיין.

נאָר דאָס לעצטע מאָל, ווען זי האָט געזען, אַז ער איז איינער אַליין אין דער געזעלשאַפט פון זיינע פריינד, האָט זי בעשלאָסן אים צו רופן, רופן אים מיט איר בליק, מיט אירע בעגערפולע אויגן. און זי האָט געוואוסט, אַז ער וועט קומען אויף איר רוף, אירע אויגן וועלן אים צוציען. אַ האַרץ פון אַזאַ פרוי, ווי מאריע איז געווען, נאַרט זיך נישט. זי איז גע־ווען זיכער, אַז דער קרוינפּרינץ וועט זי ליב קריגן אַזוי שטאַרק, ווי זי האָט אים ליב. און זי האָט זיך נישט אָפּגענאַרט.

צומאָרגנס נאָכ'ן באַל איז מאריע געווען פערשלאָסן אַליין אין איר צימער. זי האָט זיך איבערגעגעבן די ערינערונגען פון דעם נעכטיגן אָוונד. אויף דער פראַגע פון דער מוטער, פאַרוואָס זי געהט נישט אַרויס פון איר צימער, האָט זי גע־ענטפערט, אַז זי איז שטאַרק מיד פון נעכטיגן באַל. דערביי האָט זי געטראַכט מיט צאַפּל און אינערליכער צופרידנקייט

וועגן די מינוטן, ווען זי וועט זיך נאָכאַמאָל דאַרפן זעהן מיט קרוינפּרינץ.

ער האָט מיט איר אָבגערעדט זיך צו טרעפן אין זיין פּאַלאַץ אין מייערלינג. דאָרטן אין דער שטילער וואַלדיגער געגנד וועלן זיי ביידע קאָנען זיין גליקליך. איבעריגנס איז דאָך דער דאָזיגער מייערלינגער פּאַלאַץ שטענדיג געווען דאָס צו־זאַמענטרעפונגס־אָרט מיט פערשידענע פרויען.

צו יענער צייט איז אין ווין געווען בעקאַנט אַן'אייגנ־טימער פון אַ שעהנער קאַרעטע, אַ געוויסער קוטשער בראַט־פיש. דאָס איז געווען אַ בראַווער חברה־מאַן מיט אַ שטייפן שוואַרצן צילינדער אויפ'ן קאָפּ, מיט ווייסע הענדשקעס און ווייסע הויזן. ער פלעגט וואונדערליך שעהן פייפן און ביים יעדן שמיץ מיט די בייטש פלעגט ער־אַרויסלאָזן אַזאַ הויכן פייף, אַז אַלע פערבייגעהער פלעגן זיך אומקוקן. צוליב דעם אַלעם איז בראַטפיש דאַמאָלס אין ווין געווען אַ שם־דבר. חוץ דעם האָט ער געהאַט אַ זעלטענע מעלה. ער פלעגט אַלץ זעהן און הערן און — שווייגן. אַרויסקריגן פון דעם דאָזיגן בראַטפיש אַ וואָרט איז געווען שווערער, ווי אויסשעפן דעם ים.

כדי קיינער פון הויף און אנדערע זייטיגע זאָלן נישט וויסן וועגן זיינע בעציהונגען מיט פערשידענע פרויען, פלעגט רודאָלף דינגען דעם דאָזיגן קוטשער, וועלכער פלעגט שוין וויסן וואוהין אָבצופירן די פרויען פון קרוינפּרינץ. אויך מיט מאַרי האָט ער אָבגערעדט, אַז ווען זי וועט וועלן, וועט אויף איר בראַטפיש שוין וואַרטן מיט זיין קאַרעטע. זי דאַרף אים גאָר נישט זאָגן. ער וועט זי שוין אָבפירן קיין מייערלינג, אין רו־דאָלפס פּאַלאַץ.

איז מאַריע געלעגן האַלב אויסגעטון אויף איר סאָפע און געטראַכט וועגן קרוינפּרינץ, וועגן בראַטפישן, וועגן דעם פּאַ־לאַץ אין מייערלינג, וועגן די גליקליכע מינוטן דאָרט...

זי האָט געהערט, ווי איר פעטער דער גריך לעאָנידאַס באַלטאַצי שמועסט מיט איר מוטער. די באַראָנין האָט דער־

צעהלט איר ברודער וועגן דעם געוואלדיקן ערפאלג, וואס איר טאכטער האט נעכטן געהאט אויפ׳ן באל.

— אבער דאס וויכטיגסטע איז, וואס דער קרוינפרינץ איז געווען פון איר ענטציקט, — האט זי צוגעגעבן, — ער האט זיך גארנישט געקאנט אבלויבן פון איר שעהנקייט.

— דער קרוינפרינץ? — האט באלטאצי געמורמלט אונטער די ציין. — דער וואלף זאל נאר נישט פערציקן דאס שעפסעלע.

— וואס רעדסטו פאר א נארישקייטן,—האט מיט כעס אבגעענטפערט די באראנין, — דו מיינסט, אז דער קרוינפרינץ וועט מאריען בעהאנדלען, ווי ער בעהאנדלט א רייע פרויען פון דער האלב־וועלט? ווי שעמסטו זיך נישט אזוי צו טראכטן?

— איך טראכט נישט, איך ווארן נאר, — האט באל־טאצי געענטפערט מיט אנ׳אנגעכמורעטן טאן, — איך קען אים, דעם פרויען־יעגער. האט ער איינמאל געווארפן אנ׳אויג אויף א פרוי, וועט ער זי שוין בעזיצן, כדי ... כדי זי באלד אוועקצו־ווארפן.

— לעאנידאס, ווי וואגסטו אזוי צו רעדן וועגן אונזער טראנפאלגער? לעאנידאס!

לעאנידאס באלטאצי האט גוט געקענט דאס לעבן. ער און זיין שוועסטער, די באראנין וועטסערא זענען געבוירן גע־ווארן ביי גריכישע עלטערן אין אדריאנאפאל. זי האט שפעטער חתונה געהאט מיט דעם דייטשישן דיפלאמאט באראן וועטסערא און אים האט דער גורל פערווארפן אויפ׳ן באלקאן, וואו ער האט דורכגעמאכט א שטורמיש לעבן. ער האט זיך שטערב־ליך פערליבט אין א טאכטער פון א רייכן צירק־אייגנטימער און איז מיט איר ענטלאפן. היות ער איז געווען א זעלטענער שיסער, האט ער זיך אויסגעקליבן אנ׳אריגינעלע בעשעפטיגונג. דאס וואס ווילהעלם טעל האט איינמאל געטון פלעגט ער טון צען מאל אנ׳אוונד. ער פלעגט זיין הייסגעליבטער פאר די אויגן פון מאסן צושויער ארויפלעגן אנ׳עפל אויפ׳ן קאפ און מיט זיין רעוואלווער דעם עפל אראבשיסן. זי פלעגט קיין ציטער

נישט טון, וויסנדיג ווי גוט ער קאָן צילן און... ווי ליב ער האָט זי. אָבער איינמאָל האָט ער בעמערקט, ווי זי ווינקט און שמייכלט צו אַ צירק־קלאָאון. ער איז געוואָרן אָנגעצונדן פון אייפערזוכט. דעמזעלבן אָוונד האָט ער שלעכט געצילט, ווייל ער האָט אָנשטאָט אַראָפּצושיסן דעם עפּל, איר דורכגעלעכע־ט די שלייף פון מוח. פון דאַמאָלס אָן איז ער געווען אומעטיג. ער איז דערנאָך געקומען קיין עסטרייך, זיך דאָ בעזעצט און ער־וואָרבן עטליכע גיטער. ער פלעגט אָפט אַריינקומען צו זיין שוועסטער און געווען דער נישט אָפיציעלער אַפּוטראָפּוס פון דער פאַמיליע וועטסעראַ נאָכ'ן טויט פון דער באַראָנינס מאַן.

— איך ווייס נאָר איינס, שוועסטער, — האָט ער גע־ענטפערט אויף איר שטרענגן פאָרוואורף,—אַז מיר מוזן מאַריען אָבהיטן. דער קרוינפּרינץ טאָר זי מער נישט זען! — האָט ער שטאַרק צוגעגעבן.

מאַריע האָט אַלץ געהערט. זי איז געווען אויפגעבראַכט דערויף.

זי האָט זיך שנעל אָנגעטון. ווען זי איז אַריינגעקומען אין זאַל, האָט די מוטער זי געפרעגט פאַרוואָס זי איז אַזוי בלאַס? מאַריע האָט זיך צולאַכט און געענטפערט, אַז איר האָט זיך געחלומט, ווי אימיצער קושט זי שטאַרק און זויגט ביסלעכווייז אויס מיט זיינע ליפּן דאָס בלוט פון אירע באַקן.

— וואָס פאַר אַ ראָמאַנטישע חלומות דו האָסט, מאַריע, — האָט זיך באַלטאַצי אָנגערופן, — דאָס איז זיכער אונטערן איינפלוס פון נעכטיגן באַל, האַ ?...

די באַראָנין האָט זיך צולאַכט און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. מאַריע האָט נישט געקאָנט בעהערשן איר אויפרעגונג און אויס־געשאָסן:

— און אפשר בין איך פערליבט, פעטער לעאָנידאַס?

— איך וואָלט זיך געפילט גליקליך, יען דאָס וואָלט גע־ווען אמת, — האָט ער געענטפערט, — און נאָך גליקליכע־וואָלט איך געווען ווען דער דאָזיגער אָביעקט פון ליבע וואָלט געווען דער הערצאָג בראַגאַנצאַ.

מאריע האָט אַ ווייל געשוויגן, נאָך די בּאַראָנין האָט זיך אָנגערופן:

— דער הערצאָג בּראַגאַנצאַ האָט מיר טאַקי אין אַ שמועס אָנגעדייט, אַז ער בּעט די האַנד פון מיין יונגערער טאָכטער. איך גלויב אַז דאָס וואָלט געווען דער פּאַסנדסטער שידוך.

דער הערצאָג בּראַגאַנצאַ, איינער פון דעם קרוינפּרינצס חברים איז געווען שטאַרק פערליבּט אין דער שעהנער מאַריע. נישט איינמאָל האָט ער געשמועסט מיט באַלטאַצין, וועלכן ער האָט זעהר גוט געקענט, אַז ער איז גרייט אָוועקצוגעבּן זיין גאַנץ ריזיג פערמעגן דער פאַמיליע וועטסעראַ, כּדי צו בּעקומען מאַריען פאַר אַ פרוי. די וועטסעראַס, וועלכע האָבּן זיך נאָכן בּאַראָנס טויט, געפונען אין שווערע פינאַנסיעלע פערהעלטנישן, האָבּן זיך אָן דעם דאָזיגן הייראַטס־פּאָרשלאַג אָנגעכאַפּט מיט דער גרעסטער צופרידנקייט.

מאַריע האָט כּסדר געשוויגן, ווי דער שמועס וואָלט נישט געגאַנגען וועגן איר. איר געדאַנק האָט איצט געשוועבּט ער־גיץ אַנדערש. וואָס געהט איר אָן דער הערצאָג בּראַגאַנצאַ, די רייכקייט זיינע? זי ווייסט פון איין גליק, פון איין עשירות: צו קוקן אים, הערן, אין די אויגן אַריין, טרוימען אין זיינע אָרעמס.

— דו הערסט נישט וועגן וואָס מ׳רעדט, מאַריע? — האָט די מוטער זי געפרעגט.

— אַך... וועגן דעם... הערצאָג בּראַגאַנצאַ? ער איז זעהר אַ שעהנער...—זי האָט זיך געננוי נישט אָנגעגעבּן קיין דין וחשבון וועגן וואָס זי רעדט.

— ביזט מסכים אויף דעם דאָזיגן שידוך, מאַריע? — האָט די מוטער ווייטער געפרעגט.

און באַלטאַצי האָט, קלאַפּנדיג מיט זיין שפּיצרוט אין שטיוול, האַלב ערנסט האַלב שפּאַס געזאָגט:

— און איך בין דאָך זיכער, אַז דער הערצאָג בּראַגאַנצאַ האָט דיר אַזוי פערדרעהט דאָס קעפּל און בּלאָס געמאַכט דאָס פּנים, וואָס?

מאַריע האָט זיך הויך צעלאַכט און גאָרנישט ענטפערנ־דיג איז זי אַרויסגעלאָפן פון צימער.

אין צוויי טעג אַרום, ווען מאַריע האָט שפּאַצירט אַין דער געגנט פון רינג האָט זי דערזעהן, ווי בראַטפּיש פאָרט מיט זיין קאַרעטע. די פערד זענען געגאַנגען פּאַמעליך, ווי דער קוטשער וואָלט געוואַרט, אַז אַ פּאַסאַזשיר זאָל אים איינ־לאַדן צו פאָרן.

מאַריעס האַרץ האָט אַ צאַפּל געטון. אפשר וואַרט ער זי אָב. אפשר איז עס אַ געגעבענער צייכן, אַז רודאָלף פער־ברענגט היינט אין מייערלינג און זי זאָל אַהינקומען, ס'האָט איר געפעלט אָטעם. זי האָט איינגאַנצן געציטערט. זי האָט ווייטער נישט געקאָנט געהן. מ'דאַרף נישט מער, ווי אַ רוף טון: בראַטפּיש! און זיך אַריינזעצן. ער וועט זי שוין אַהינ־פירן צו אים, צו אים, צו רודין, אָך, גאָט!

זי האָט זיך געשטאַרקט, זי האָט געפרואווט צו זאָגן שטילערהייט: בראַטפּיש, דערנאָך העכער, און נאָך העכער ביז זי האָט הויך, מיט איר גאַנצער קראַפט אַ געשריי געטון:

— בראַטפּיש!

זי האָט זיך אַליין דערשראָקן פאַר איר שטים. פאַרביי־געהער האָבן זי פערוואונדערט אָנגעקוקט, וואָס זי רופט אַזוי הויך דעם קוטשער ביים נאָמען. אָבער דאָס איז געווען אַ גע־שריי פון נצחון, אַ געשריי פון גליק!

בראַטפּיש איז שנעל צוגעפאָרן צו איר, ווי ער וואָלט זיך געריכט, אַז גראָד אין דער מינוט וועט די „בעשטימטע דאַמע" אים רופן. ער האָט שווייגנדיג געעפנט דאָס טירל פון דער קאַרעטע. זי איז איינגעשטיגן. זיי האָבן קיין וואָרט נישט אויסגערעדט. זי האָט אַליין פערמאַכט דאָס טירל און די קאַ־רעטע האָט שנעל גענומען פליען אין דער ריכטונג צו הייליגנ־קרייץ, אויפן וועג קיין מייערלינג.

## 6. אַ פרוי מיט אַ פרוי פערשטעהען זיך

באַלטאַצי האָט געגאָסן וואַסער אויף דער פערחלשטער

באַראָנין. די עלטערע טאָכטער העלענאַ איז געשטאַנען מיט פערבראָכענע הענד און געוויינט. די דינערשאַפט איז געלאָפן נאָך אַ דאָקטאָר. אַלעמענס פּנימ׳ער זענען געווען פערזאָרגט און טרויעריג, ווי אַ שווער אומגליק וואָלט געשעהן.

און אָט וואָס עס איז געשעהן: מאַריע איז נעכטן 5 אַ זייגער פאַרנאַכט אַרויסגעגאַנגען פון שטוב אויף אַ שפּאַציר, זי האָט צוגעזאָגט צו קומען אין אַ שעה אַרום און אָט איז שוין ניין אַ זייגער אינדערפרי און מאַריע איז נישטאָ! די באַראָנין איז פערצווייפלט, באַלטאַצי איז שטאַרק אומרוהיג, די ערגסטע רעיונות געהען אַדורך אין מוח. ווער ווייסט? אפשר פערפירט, דערמאָרדעט, אפשר אַ קרבן פון פרויען־הענדלער און אַנדערע פערברעכערישע עלעמענטן? מען איז שוין געווען אין אַלע פּאָליציי־אַמטן זיך נאָכפרעגן, מען איז שוין געווען ביים הערצאָג בראַגאַנצאַ, וועלכער לויפט זי אַרום זוכן איבער דער שטאָט, מ׳האָט זי שוין געזוכט ביי דער גרעפין לאַריש. ווי אין וואַסער אַריין! מאַריע איז פערשוואונדן, נישט איבערלאָזנדיג נאָך זיך די מינדסטע שפּורן.

— וואָס האָט דאָ געקאָנט געשעהן? וואָס האָט דאָ געקאָנט פּאַרקומען? — האָט די באַראָנין זיך געבראָכן די הענד, ווען זי איז געקומען צוריק.

באַלטאַצי האָט געשוויגן. דאָס איז געווען אַ רעטעניש, אויף וועלכן ער, דער ערפאַרענער קלוגער גריף, האָט אויך קיין בעשייד נישט געקאָנט געבן.

פּלוצונג האָט איינער פון די דינער פרעהליך אויסגעשריגן. אַלע האָבן זיך אומגעקוקט צו דער זייט פון דער טיר. אויף דער שוועל איז געשטאַנען מאַריע אַ שמייכלענדיגע און שיינענדיגע.

די מוטער איז איר ענטגעגנגעלאָפן און מיט אַנ׳אויסגעשריי: מאַריע! זי גענומען אין אירע אָרעמס אַריין.

— וואָס איז געשען מיט דיר, מאַריע? — האָט באַלטאַצי ערנסט אַ פרעג געטון.

— מיט מיר? — האָט מאַריע געשמייכלט און געגלעט

די מוטער איבערן קאָפּ, בערוהיגנדיג זי, — איך... איך בין געווען גליקליך!

— אָבער מיר אַלע זענען דאָך שיעור נישט אומגעקומען פון איבערקלערז און שרעק!

— נו, נו, זייט מיר מוחל! — האָט זי מיט אירע קלוגע אויגן צוגעוואָרפן דער מוטער אַ וואונדערליך שעהנעם שמייכל.

— זאָג, וואָס מיט דיר איז געשען, מאַריע! — האָט די מוטער האַלב־שטרענג געזאָגט, — וואו ביזטו געווען אַ גאַנצע נאַכט?

— מאַמע... איך... איך... טאָר נישט זאָגן! — האָט זי ערנסט געענטפערט און איר פּנים איז רויט געוואָרן.

— איך האָב רעכט צו וויסן, וואו דו ביזט געווען! — האָט די באַראָנין געזאָגט שאַרפער.

מאַריע האָט זיך אָנגעכאַפּט מיט דער האַנד ביים טיש און פעסט זיך אָנגעהאַלטן. עס איז איר געוואָרן ענג אין האַלז. זי האָט אָנגעקוקט מיט אירע שאַרפע אויגן דאָ די מוטער, דאָ דעם פעטער, וועלכער האָט זי ממש דורכגעלעכערט מיט זיין בליק.

— איך... — האָט זי ענדליך אַרויסגעשאָסן, — איך בין געווען אין מייערלינג... ביים קרוינפּרינץ!

דערביי האָט איר געזיכט קיין צוק נישט געטון. די אויגן אירע האָבן זיך נאָך ברייטער געעפנט און שאַרף אָנגעקוקט די אַרומיגע, ווי זי וואָלט מיט איר מודה זיין זיך אָבגעהאַלטן אַ נצחון.

— האַ, וואָס האָב איך געזאָגט? — האָט באַלטאַצי אַ ברום געטון צו זיין שוועסטער. ער איז אַ דענערווירטער אַרויס־געלאָפן פון צימער.

די באַראָנין האָט זיך שפּעטער אַ לאַנגע צייט בעראַטן מיט איר ברודער און ס'איז בעשלאָסן געוואָרן, אַז כדי אויס־צומיידן דאָס צוזאַמענטרעפן זיך פון מאַריע מיט'ן קרוינפּרינץ זאָל די פאַמיליע וועטסעראַ אַרויספאָרן אויף עטליכע חדשים אין באַלטאַצים אַ גוט אין אונגאַרן. דער קרוינפּרינץ וועט

דערווייל זיך פערבינדן מיט אַנ'אַנדער פרוי, ווייל אָן פרויען קאָן ער דאָך נישט לעבן, דאָס איז דאָך זיין סטיכיע, — אַזוי האָט געענטפערט באַלטאַצי, — וועט ער דערווייל פערגעסן אָן מאַריען. קיין אַנדער אויסוועג איז נישטאָ. אַנדערש וועט דאָס קינד זיין אומגליקליך. ער וועט זי אויסנוצן און אָוועקוואַרפן. וואָס, ער וועט זיך גטן מיט זיין פרוי און חתונה האָבן מיט אַ באַראָנעסע? דאָס קאָן בלויז איינפאַלן אַ משוגענעם. ער וועט פערבייטן אַ קעניגליכע טאָכטער אויף אַ געוועהנליכע באַראָנעסע? און וואָס וועט זאָגן דערצו דער הויף, דער קייזער, דאָס לאַנד? ער מיינט נישט מער, אָט דער דאָזיגער פרויען־יעגער, ווי אומגליקליך צו מאַכן דאָס יונגע, אומשולדיגע קינד (גאָט, ווער ווייסט צי זי האָט שוין נישט איר אומשולד פערלוירן אין די תאוהדיגע הענד פון גלוסטיגן טראַנספּאַלגער?!). און דערנאָך, דערנאָך וועט איר נאָמען בעדעקט ווערן מיט חרפה, וועט זיך דער איידעלער הערצאָג בראַגאַנצאַ פון איר אָבקערן און פון דעם דאָזיקן גליקליכן שידוך וועט ווערן אויס. מ'מוז שנעל האַנדלען, תיכף ומיד מוזן אָנגענומען ווערן מיטלען, אַז מאַריע זאָל זיך מער מיט'ן קרוינפּרינץ נישט זען! דער איינציגער אויסוועג איז, אַז די באַראָנין מיט די צוויי טעכטער זאָלן אָבפאָרן אין באַלטאַצים גוט, אין טאַמאַסוואַר.

דאָס זענען געווען די גערדאַנקען, וואָס לעאָנידאַס האָט אַרויסגעזאָגט פאַר זיין שוועסטער. ער האָט נאָך צוגעגעבן, אַז כדי נישט אַרויסרופן ביי מאַריען קיין שום חשדים, אַז דאָס אָוועקפאָרן ווערט געטון אין צוזאַמענהאַנג מיט איר בעציהונג צום קרוינפּרינץ, זאָל די באַראָנין זאָגן, אַז זי פילט זיך שוואַך און זי מוז אַרויספאָרן אין איר ברודערס גוט. כדי נישט צו זיין אַליין, נעמט זי מיט די צוויי טעכטער, העלענען מיט מאַריען.

די ידיעה, אַז מען פאָרט, האָט מאַריע אויפגענומען רוהיג. זי איז בכלל געווען כסדר פרעהליך. נישט אַרויסגעוויזן די מינדסטע אויפרעגונג. דאָס איז געקומען דערפון, וואָס זי איז איצט זיכער געווען, אַז דער מענש, וועגן וועלכן זי האָט אַ

האלב לעבן געחלומט, אַז דער מאַן צו וועמען זי האָט לאַנג אויסגעצויגן אירע פערצווייפלטע הענד, געהט אוים נאָך איר, ווייל זי, בעגערט זי. און אַלס בעווייז פון זיין שטאַרקער, ריינער ליבע צו איר האָט פאַר איר געקאָנט דינען דער פּאַקט, אַז אויף איר הייסער בקשה איז זי יענע נאַכט פון מייערלינגער פּאַ־לאַץ אַרויסגעגאַנגען אַזוי ריין און אומשולדיג, ווי בראַטפיש האָט זי אַהינגעפירט... זי איז געבליבן די זעלבע מאַריע, ווי זי איז געווען ביז איצט. איר קרישטאָלענע נשמה, איר ליבנ־דיג האַרץ האָבן מנצח געווען די ברויזנדיגע פערלאַנגען פון אַלעמעכטיגן רודאָלף. דאָס קליינע, ווייסע שעפּסעלע האָט בע־זיגט דעם לייב.

ס׳איז פערביי איין וואָך און שוין האָט די פּאָסט קיין מייערלינג געברענגט אַ קורץ בריוועלע, אין וועלכן ס׳איז גע־שטאַנען געשריבן:

„רודי, מיין רודי!

מיר זענען אויף אַ פערוואָרפן אָרט. ווייט פון דיר. איך בענק שטאַרק. דו חלומ׳סט זיך מיר אַלע נאַכט. איך גלויב, אַז מיר וועלן זיך אין קורצן זען, ווייל די מאַמאַ לאַנגווייליגט זיך דאָ שטאַרק און זי וויל שוין צוריקפאָרן קיין ווין. ווי נאָר איך וועל קומען — בין איך ביי דיר, מיין גוטער, מיין גאָל־דענער, איינציגער רודי.

דיין אוצר — מערי"

פּ. ס. כ׳וועל דיר געבן אַ צייכן, ווען כ׳וועל קומען. זאָל בראַטפיש זיין גרייט.

און באמת האָט זיך די באַראָנין שטאַרק געלאַנגווייליגט אין דעם פערוואָרפענעם אומגאַרישן אָרט. זי האָט נישט גע־האַט קיין שום געזעלשאַפט, קיין שום בעקאַנטע. זי האָט גע־שריבן צום ברודער, אַז זי קאָן בשום אופן דאָ נישט בלייבן, זי מוז צוריקקומען קיין ווין. וואָס שייך מאַריען, גלויבט זי, אַז דער קרוינפּרינץ טראַכט שוין נישט וועגן איר, אַז ער האָט זי שוין זיכער פערגעסן. איבריגנס, האָט זי געשריבן אין איר בריף צו באַלטאַצי׳ן, דאַרף מען זעהן וואָס שנעלער איינצו־

אָרדנען די פּערלאַבּונג פון בּראַגאַנצאַ'ן מיט מאַריע, וועט בּמילא אָט דער לייכטער פלירט מיט'ן קרוינפּרינץ אָבּפאַלן.

אין אַ וואַרימען אויגוסט־טאָג איז זי אַנגעקומען אין דער הויפּטשטאָט און ממש אַ גליקליכע געקוקט אויף די ווי־נער דענקמעלער, אויף די ווינער הייזער און גערטנער. אויך מאַריע איז געווען גליקליך. אָבּער נישט די דענקמעלער, נישט די הייזער האָבּן אַריינגעבּרענגט אַזאַ שטאַרקע פרייד אין איר האַרץ. זי איז געווען איצט איין בּרויזנדיג שטיק, אַ שטורמ־דיגע כוואַליע, וואָס מאָרגן און, אפשר, נאָך היינט וועט זי רודי אַרומהאַלזן און קושן אירע זאַפטיגע ליפּן.

ווי אַזוי גיט מען אים צו וויסן, אַז זי איז דאָ? זי האָט געוואוסט, אַז טיילמאָל בּעזוכט ער די אַפּאַרטאַמענטן פון זיין קוזינע, דער גרעפין לאַריש. אפשר וועט זי אים דאָרטן בּעגעגענען. און כדי בּאַלד צו דערגרייכן איר ציל האָט זי זיך געווענדעט צו דער מוטער:

— אפשר וואָלטן מיר ס'ערשטע געמאַכט אַ בּעזוך בּיי דער גרעפין לאַריש? אַזוי וועט זי דאָך נישט וויסן פון אונ־זער קומען.

די מוטער האָט איינגעשטימט. זיי האָבּן זיך איבּערגעטון אין אָוונד־קליידער און דריי שעה נאָך זייער אָנקומען קיין ווין זענען זיי שוין געזעסן אין סאַלאָן בּיי דער גרעפין.

רודאָלף איז דאָרטן נישט געווען. אָבּער אַנ'אַנדער זאַך האָט זיך מאַריע דערוואוסט, אַז די גרעפין לאַריש ווייסט וועגן זייער ליבּע. מיט'ן תירוץ, אַז זי וויל מאַריען ווייזן אַ נײַ געַ־האַפטן טוך, האָט זי זי אויף אַ ווייל אַריינגעבּעטן אין אַ זײַ־טיגן צימער און געזאָגט:

— בּאַראָנעסע, דער קרוינפּרינץ האָט זיך שוין פיל מאָל נאָכגעפרעגט אויף אייך.

— אויף מיר? — האָט זיך מאַריע מכלומר'שט פער־וואונדערט און זי האָט פערבּיסן די ליפּן.

— ער האָט מיך געבּעטן אים תיכף צו וויסן געבּן, ווי נאָר איר וועט קומען פון טאַמאַסוואַר.

— פון וואַנען ווייסט דער קרוינפּרינץ, אַז איך בין גע־ווען אין טאָמאַסוואַר, ווען אפילו איר, גרעפין, האָט וועגן דעם נישט געוואוסט? — האָט מאַריע ווייטער אָנגעהאַלטן איר פערוואונדערונג.

די גרעפין האָט זי אָנגעקוקט מיט אַ שמייכלדיגן און צערטליכן בליק. זי האָט נישט געוואָלט שפּילן די ראָל פון אַ מענש, וואָס ווייסט פון גאָרנישט, זי האָט דעריבער אָנגענומען מאַריעס ביי דער האַנד און אריינקוקנדיג איר אין די אויגן האָט זי געזאָגט מיט אַ פעסטער שטים:

— מאַריע, איך ווייס... פון אַלעם. איך בעוואונדער אייך! כ'פערשטעה, אַז איר ווילט, איך זאָל באַלד מודיע זיין דעם קרוינפּרינץ, אַז איר זענט געקומען.

מאַריע האָט איר פעסט אַ דריק געטון די האַנד. ביידע פרויען האָבן זיך פערשטאַנען. זיי האָבן מער קיין וואָרט נישט אויסגערעדט. מאַריע האָט געוואוסט, אַז איר רודי וועט באַלד וויסן פון איר קומען קיין ווין און זי איז געווען איבערגליקליך.

## 7. די שבועה

וועגן דעם, אַז דער קרוינפּרינץ איז געפאַנגען פון אַ שטאַרק געפיל צו אַ פרוי און, אַז די דאָזיגע פרוי איז די יונגע, אַכצניעריגע באַראָנעסע וועטסערא — איז שוין פאַר אַ סך פון זיינע פריינד און זיין אומגעבונג נישט געווען קיין סוד. אַלע האָבן בעמערקט אין איהם אַ געוואַלדיגע ענדערונג. ער איז גע־וואָרן שטאַרק ערנסט, ער פלעגט כמעט אַ האַלבע וואָך פער־ברענגען אין זיין מייערלינגער פּאַלאַץ. ער פלעגט זעלטן זיך צונויפקומען מיט זיין פרוי. די בעציהונגען מיט דער קרוינ־פּרינצעסין סטעפאַניע זענען אויף אַזוי ווייט פערשאַרפט גע־וואָרן, אַז זי האָט געשריבן אַ בריף צו איר פאָטער לעאָפּאָלד, דעם קעניג פון בעלגיען. אין דעם דאָזיגן בריף דערצעהלט זי, אַז דאָס לעבן מיט איר מאַן איז פאַר איר אונערטרעגליך, אַז ער קומט נישט צו איר, פערלאָזט זי אויף גאַנצע טעג, הו־ליעט אַרום מיט אַנדערע פרויען און פילט גאָרנישט די פליכט,

וואָס עס דאַרף האָבן אַ מאַן, אַ טראַנספּאָלגער פון אַ גרויסער מלוכה לגבי זיין פרוי. זי איז דעריבער פערצווייפלט. וואָס פאַר אַ ווערט האָט איר לעבן אַלס פרוי און קרוינפּרינצעסין ביי דער זייט פון אַזאַ מאַן. דערויף ענטפערט איר דער קעניג פון בעלגיען, האָבנדיג קודם כל אין זינען די פּאָליטישע אינ־טערעסן פון דעם דאָזיגן שידוך, אַז זי זאָל ווייטער בלייבן אַ געטריי ווייב. ס'וועט זיך פערבעסערן.

אָבער ס'האָט זיך נישט פערבעסערט. ס'איז געוואָרן פון טאָג צו טאָג ערגער. מאַריע וועטסעראַ איז איצט געווען דער איינציגער געדאַנק פון עסטרייכישן טראַנספּאָלגער. אַט דאָס יונגע מיידל מיט די פּרעכטיג שוואַרצע אויגן איז געוואָרן דער מיטלפּונקט פון זיין לעבן. זיין גאַנץ טראַכטן און פיקן האָט זיך געדרעהט בלויז אַרום איר. ווי אַזוי האָט ער איצט גע־קאָנט טראַכטן וועגן פליכטן לגבי זיין געזעצליך ווייב, לגבי דער מלוכה, לגבי דער פאַמיליע, אַז זי, אַט דאָס קינד נאָך, אַט די צאַפּלדיגע פּסיכע, האָט אים אויפגעדעקט דעם טיפן סוד פון ליבע, וועלכער איז ביז איצט פאַר אים געלעגן פער־באָרגן. וואָס מער ער האָט פערברענגט מיט איר צוזאַמען, אַלץ שטאַרקער איז געוואָרן זיין ליבעס־פייער, אַלץ העלער האָט עס געברענט.

בראַטפיש פלעגט זי אָפט ברענגען קיין מייערלינג און דער אַלטער דינער פון מייערלינגער פּאַלאַץ, האָט שוין גע־וואוסט, אַז „זיין הויכקייט איז שטאַרק איבער די אויערן צו דעם מיידעלע". אין מייערלינג האָט מאַריע, אָדער „מערי", ווי ער פלעגט זי ליב האָבן צו רופן, דערהויבן זיין נשמה צו אַזעלכע הויכן, אויף וועלכע זי איז קיינמאָל נישט געווען. ער האָט קיינמאָל נישט געגלויבט, אַז די ליבע פון אַ פרוי זאָל פעהיג זיין צו פערוואַנדלען דעם מאַן אין אַן'אַנדער, אידע־אַלער וועזן. און נאָך: זינט ער איז מיט מאַריע ווייסט ער נישט, אַז עס זענען דאָ פרויען אויף דער וועלט. קיין איין פרוי אינטערעסירט אים נישט מער. אַז מאַריע איז אין זיך

כולל דאָס גאַנצע ווייבליכע פֿון דער וועלט, אַז זי איז אַ זעל־טענע ערשיינונג אויף אונזער ערד.

און טראַכטנדיג אַזוי, האָט רודאָלף נישט געקאָנט בעמיירקן ווי עס קנוילט זיך אַ שטורם, וועלכער קאָן גיך אויסברעכן. ער האָט נישט בעמערקט, אַז דער פֿאָטער זיינער, דער קייזער, איז אַנגעפֿולט מיט כעס און צאָרן אויף זיינע מעשים, ווי די גוטע מאַמע זיינע, די קייזערין עליזאַבעט, די דיכטערישע נשמה, איז פֿול מיט צער, וואָס ער בעליידיגט מיט זיינע טאַטן דעם רום פֿון דער דינאַסטיע. דער קרוינפּרינץ איז אַזוי געווען פֿערשיכור׳ט פֿון דעם ליבעס־עקסטאַז, אַז ער האָט בעשלאָסן צו טון אַ זאַך, וואָס וואָלט אַרויסגערופֿן אויפֿרודערונג אין גאַנצן לאַנד.

ער האָט פֿערשטאַנען, אַז מיט זיין פֿרוי וועט אים ווייטער אוממעגליך זיין צו וואוינען. עס בינדט אים מיט איר שוין גאָרנישט. ער געהערט אינגאַנצן צו מאַריען. און דעריבער... דעריבער דאַרף ער זיך מיט איר גט׳ן, חתונה האָבן מיט זיין געליבטער וועטסערא און, — אַזוי מוז זיין, — אָבזאָגן זיך פֿון זיינע רעכט אויף׳ן טראָן! יאָ, ער, דער איינציגער זון פֿון קייזער פֿראַנץ־יאָזעף, דער געזעצליכער יורש עצר, די האָפֿנונג פֿון דער דינאַסטיע — ער מוז רעזיגנירן פֿון זיינע גרויספֿירשטליכע רעכטן און ווערן אַ פּשוט׳ער בירגער. פּשוט: ער האָט ליב אַ פֿרוי און אויף דעם ראָזיגן מזבח מוז ער אַלץ מקריב זיין!

ער איז אָבער אַ קאַטאָליק און, כדי צו שיידן זיך מיט זיין פֿרוי מוז ער האָבן די ערלויבניש פֿון דער העכסטער גייסטליכער מאַכט אין דער קירך — פֿון פּויפּסט. וועט עס דער פּויפּסט טון?

ער האָט געפֿירט מיט זיך אַ שווערן, אינערליכן קאַמף. ענדליך האָט ער אָנגעשריבן אַ גרויסן בריף צום פּויפּסט, לעאָ דער דרייצענטער, אין וועלכן ער בעט אַ ערלויבניש אויף אַ גט. זיין בקשה האָט ער מאָטיווירט הערמיט, אַז די דאָזיגע חתונה איז געווען אַנ׳אומגליקליכע פֿאַרביידע צדדים, אַז זיי

זענעןביידע מענשן פון פערשידענע געגנזעצליכע נאַטורן „און, — פערענדיגט ער זיין בריף צום פויפסט, — ער האָפט אַז זיין הייליגע גרויסקייט וועט די דאָזיגע דערלויבניש געבן".

דער פויפסט האָט אָבער די בקשה אָבגעוואָרפן. רודאָלף איז געווען פערצווייפלט. ער איז געפאָרן קיין מייערלינג, כדי אין די איינזאַמע צימערן פון זיין פאַלאַץ צו בעטראַכטן אַן אויסוועג פון דער שווערער לאַגע.

ס'איז אריינגעקומען דער דינער לאָשעק און געמאָלדן, אַז ס'איז דאָ אַ שליח פון הויף. ער פאָדערט דורכאויס זיך צו זען פערזענליך מיט „זיין הויכקייט".

— פון האָפבורג צו מיר? — האָט רודאָלף זיך געוואונדערט, ווייל ער האָט פערשטאַנען, אַז עפעס האָט געמוזט געשען, — רוף אים אריין!

דער שליח איז אריינגעקומען, דאָס איז געווען דער גראַף פאַאַר.

— אייער פירשטליכע האָהייט, זיין מאַיעסטעט, דער קייזער האָט מיר בעפוילן אייך צו מעלדן, אַז איר זאָלט זיך תיכף בעווייזן פאַר זיין קייזערליכן טראָן.

— אהאַ! — רודאָלף האָט עפעס אונטערגעברומט אונטער דער נאָז. ער האָט געפילט אַ ווידערווילן צו דער שטייפער, עטיקעטאַלער האַנדלונג פון דעם דאָזיגן שליח, — מעלדעט מיין פאָטער, דעם קייזער, אַז נאָך היינט אין אָוונד, 7 אַ זייגער, בין איך ביי אים.

דער שליח האָט, אָבגעבנדיג דעם קרוינפּרינץ דעם געהעריגן כבוד, תיכף פערלאָזט דעם פאַלאַץ.

וואָס רופט אים דער קייזער? וועגן אויפקלערונגען? ער וועט אים אַלץ זאָגן, אָפן אַלץ דערצעהלן. זאָל זיין וואָס עס וועט זיין! ער קאָן מאַריע קאָן נישט לעבן — דעריבער... איז ער גרייט אויף אַלע שטראָפן, וואָס דער פאָטער וועט אויף אים ארויפלייגן.

ער האָט זיך אָנגעטון אין געוועהנליכע, ציווילע קליידער,

כדי אזוי אָרום צו דעמאָנסטרירן פאַר זיין פאָטער זיין גע־וואגטן שריט.

זיבן א זייגער אין אָוונד איז ער געווען אין האָפּבורג און באַלד אויפגענומען געוואָרן אין טראָנזאַל דורכ'ן קייזער.

דער אַלטער פראנץ־יאָזעף האָט דאָסמאָל געהאַט א שטרענג און פינצטער געזיכט. זעט אויס, אַז עפּעס א שווערער געדאַנק האָט אים געפּייניגט. ער האָט געשוויגן. דער טראָנ־פאָלגער איז אויך געשטאַנען א שווייגנדיגער. ענדליך האָט ער מיט א ציטערדיגער שטים געזאָגט:

— אייער מאַיעסטעט, איך שטעל זיך אויף אייער רוף.

דער קייזער האָט אויפגעהויבן זיינע ברעמען און אים בעטראַכט מיט אַנ'ערנסטן בליק.

— דער טראָנפאָלגער געהט שוין אין ציווילע מלבושים? פון ווען אַן?

— איך בין איצט דיין זון און נישט דער טראָנפאָלגער. איך בין געקומען צו דיר, ווי א זון צו א טאַטע.

— און איך וויל מיט דיר אויך רעדן, ווי א טאַטע רעדט מיט זיין קינד, — האָט דער קייזער געזאָגט און זיין פּנים האָט אָנגענומען א ווייכערן אויסדרוק.

— איך הער דיך, פאָטער.

— צו מיר איז דערגאַנגען די ידיעה וועגן דיין בריף צום פּויפּסט. ווייסטו וויפיל חרפּות דו האָסט געוואָלט דער־מיט ארויפוואַרפן אויף אונזער משפּחה?

— איך האָב מיר אָבגעגעבן א דין וחשבון פון מיין טאַט, — האָט רודאָלף רוהיג געענטפערט, — איך בין נישט בלויז קיין קרוינפּרינץ, איך בין אויך א מענש און אַלס מענש קאָן איך נישט זיין צוזאַמען מיט א פרוי, וואָס פערשטעהט מיך נישט, וואָס איז דער גענצער פון מיר, וועלכע איך האָב... נישט ליב.

— איך בין דאַנקבאַר דעם פּויפּסט, וואָס ער האָט דיין בקשה אָבגעוואָרפן. דאָס וואָלט געווען שרעקליך. קאָן שוין

קיין שום שלום נישט דערגרייכט ווערן צווישן דיר און דיין פרוי?

— ניין, מיר זענען נישט איינער פאר'ן אנדערן.

— געדענק, רודאלף, — האט דער קייזער שארפער גע־זאגט, — אז דו שטעלסט אין קאן דיין צוקונפט. די קרוינ־פרינצעסין איז דיין געזעצליכע פרוי און אויב דו וועסט זי פער־לאזן, ווייל... — דער קייזער איז א ווייל שטיל געבליבן און האט פארשנדיג אנגעקוקט רודאלפ'ן.

— ... אנ'אנדער פרוי האט דיר פערדרעהט דעם קאפ, געדענק־זשע, אז דאמאלס וועסטו דעם טראן קיינמאל נישט בעטרעטן!

— יא, איך ליב אנ'אנדער פרוי, איך ליב זי מיט מיין גאנצער נשמה. איז א קרוינפרינץ פערבאטן צו ליבן?

— אויב עס האנדלט זיך אין די אינטערעסן פון טראן — איז עס פערבאטן! אזוי איז!

רודאלף האט אבגעווישט דעם קאלטן שוויים, וועלכער איז ארוים אויף זיין שטערן. ער האט געוואוסט, אז אין אזעלכע פאלן איז דער קייזער אומדערשיטערליך.

— איך קאן זיך אבער פון דער דאזיגער ליבע נישט אב־זאגן, איך בין געבונדן מיט איר, צוגעוואקסן צו איר, ווי מיין הויט איז צוגעוואקסן צו מיין פלייש. ווי אזוי קען איך דאס טון?

זיין שטים איז געווען א געבראכענע און א בעטנדע. ער האט געגלויבט צו ווירקן אויפ'ן קייזער מיט געפיל און מיט־פילן. אבער די תשובה פון קייזער האט אים א קלאפ געטון, ווי מיט א קלאץ איבערן קאפ.

— קאנסט דיך נישט אבזאגן? נו, גוט. אין די אינ־טערעסן פון טראן, אין די אינטערעסן פון אונזער קנאפע טויזנד־יעריגער דינאסטיע וועל איך מיך אבער מוזן פון דיר אבזאגן. איך וועל דיך מיט דיין מאריע וועטסערא, — מ'האט מיר שוין איבערגעגעבן ווי זי הייסט, — איינזעצן אין א קלוי־סטער ערגיץ אין א פערוואָרפן ארט פון אונגארן. איר וועט

זיין אָבגעטיילט פון דער גאַנצער וועלט ביז איר וועט שטאַרבן. און פאַר דער וועלט וועל איך דורך מיינע מענשן ארויסלאָזן די ידיעה, אַז דו ביזט געשטאָרבן, דו הערסט? איך וועל שוין איינאָרדנען אַזוי, אַז מ׳זאָל בעגראָבן אַנ׳ענליכן צו דיר. ווייסט דאָך, אַז די האַבסבורגער האָבן נישט איינמאָל געמוזט אָנ־קומען צו אַזעלכע מיטלען. פאַר מיר און פאַר דער גאַנצער וועלט וועסטו זיין טויט. נישטאָ מער רודאָלף האַבסבורג, דער טראָנפאָלגער פון עסטרייך! ביזטו מסכים דערויף? קאָנסט אויסוועהלן!

— ביזט צו אומ׳ברחמנות׳דיג צו דיין קינד, פאָטער, — האָט ער געזאָגט און זיין שטים איז אים ס׳ערשטע מאָל אונ־טערגעבראָכן געוואָרן פון אַ ספּאַזם אין האַלז.

— איצט בין איך שוין נישט פאָטער, איצט בין איך קייזער פון עסטרייך און איך שטראָף, ווער עס וואַגט מיט עפּעס אָנצורירן דעם כבוד פון טראָן! אויב די דאָזיגע מאַריע וועטסעראַ קאָן מיין איינציגן זון אָפּקרויבן דעם ווילן צו זיין קייזער, נאָך מיין טויט ווערסטו דאָך קייזער פון אַ מעכטיגער אימפּעריע — גייה מיט איר אין קלויסטער, גייה! גייה! — האָט דער אַלטער קייזער זיך געוואָרפן פון כעס.

— אָבער, פאָטער, דו קאָנסט דאָך דיר הערשן נאָך הונ־דערט יאָר און איך קאָן זיין גליקליך!

— איך האָב געזאָגט. מער זאָגן דאַרף איך נישט. דו דאַרפסט אויסוועהלן, אָדער: אימפּעראַטאָר, קייזער פון אַ לאַנד מיט אַזוי פיל פעלקער, בעפעלער, הערשער איבער פופציג מיל־יאָן מענשן, קרוין־טרעגער און אויסדערוועהלטער, אָדער: אַ געפאַנגענער אין אַ קלויסטער־לאָך, אַנ׳אָבגעזונדערטער פון דער וועלט, פאַר מענשן אַ געשטאָרבענער, אַ פערשוויגענער אויף אייביג!

דער קייזער האָט געערדט מיט פּאַטאָס. ער האָט גע־פילט, אַז מיט די דאָזיגע הראָענדיגע רייד וועט ער אַ וואַקל טון דעם ליבעס־בנין אין זיין זונ׳ס האַרץ. די שוואַרצע ביל־דער קאָנען אָנוואַרפן אַ מורא אויף אַ געוועהנליכן מענש. אויף

א קרוינפרינץ, וועלכער האָט געהאַט אַלע תענוגים פון לעבן צו זיינע פיס, ווירקן אַזעלכע רייד צושמעטערנדיג. דער אַלטער קייזער האָט דאָס געוואוסט און דעריבער האָט ער אָנגעווענדעט אַזאַ שאַרפן טאָן און געשטעלט אַזאַ שווערן אויסוואַל.

רודאָלף איז געשטאַנען פאַר דעם פאָטער, ווי אַ שווער פערמשפּט'ער. ער האָט געפּראָוווט נאָך איינמאָל צו ווירקן אויף זיין פאָטער'ס עקשנות.

— און דו... דו האָסט קיינמאָל נישט ליב געהאַט? — האָט ער אַרויסגעשאָסן.

— איך האָב קיינמאָל דעם טראָן נישט פערראַטן! — האָט דער קייזער שטרענג געזאָגט, — דו ווילסט עס טון און דערפאַר וועסטו בעקומען די האַרבע שטראָף! בעדענק דיך!

אין רודאָלפ'ן איז פאָרגעקומען אַ שרעקליכער אינער־ליכער קאַמף. ער האָט געציטערט אינגאַנצן. זיין געזיכט האָט זיך אַזש אויסגעקרימט. ער איז געווען גרייט צו פאַלן אין אָנ־מאַכט. דער קייזער האָט דאָס בעמערקט, אָבער ער האָט גע־שוויגן און פערביסן די ליפּן אונטער די גרויסע וואָנסעס.

ס'האָט געדויערט איין מינוט, אַ צווייטע. אין זאַל האָט זיך בלויז געהערט דאָס שטילע קרעכצן פון רודאָלפ'ן. די שטיל־קייט איז געווען אַ פייניכע, אַ שווערע. אַ שווערער זיפץ האָט זיך אַרויסגעריסן פון דעם טראָנפאָלגערס ברוסט, ווי ער וואָלט דעם לעצטן זיפץ געטון אין זיין לעבן. ער האָט זיך בעהערשט, זיך אויסגעגלייכט און מיט אַ שניידיגער שטים אַ זאָג געטון:

— איך הויב אויף צוויי פינגער און שווער, אַז איך וועל אויף ווייטער זיין אַ געטרייער מאַן צו דער קרוינפּרינצעסין סטעפאַניע און רייס איבער פון היינט אָן די בעציהונגען מיט דער באַראָנעסע מאַריאַ וועטסעראַ.

— דו האָסט געשוואוירן, מיין זון, — האָט דער קייזער פייערליך געזאָגט און אים אָנגענומען ביי דער האַנד.

— איך האָב געשוואוירן, אייער מאַיעסטעט! — האָט מיט דער זעלבער פייערליכקייט געזאָגט רודאָלף.

## 8. דער כוס מיט גיפט...

די באַראָנין וועטסעראַ האָט געוואוסט, אַז ענטגעגנשטעלן זיך דעם ווילן פון קרוינפּרינץ — הייסט קעמפן מיט אַ פעלזיגן באַרג. אויב דער קרוינפּרינץ האָט אויסגעוועהלט איר טאָכטער פאַר אַ ליבהאָבערין קאָן זי דאָ גאָרנישט העלפן. פון דער אַנדערער זייט האָט זי געהאַלטן, אַז דאָס קאָן גראָד הויבן דעם פּרעסטיזש פון איר קינד. אויב דער טראָנפאָלגער אַליין האָט פערשטאַנען די שעהנקייט פון מאַריען, פאַרוואָס זאָלן דאָס נישט פערשטעהן אַנדערע אדל-לייט, און דערצו קאָן דאָך נאָך, אפשר, געשען אַ נס. נסים זענען דאָך אויך מעגליך. ווי זי דרינגט אַרויס פון זיין בעציהונג צו מאַריע, פון די עטליכע בריוועלעך, וואָס זי האָט איבערגעכאַפּט, איז דער קרוינפּרינץ שטאַרק פערליבט אין איר מאַריע, ערנסט פערליבט. קאָן נישט אַמאָל זיין, אַז ער זאָל זיך שיידן מיט זיין פרוי און חתונה האָבן מיט מאַריען. דאַן וואָלטן זיי בעקומען דעם פירשטליכן טיטול, וואָלטן זיי דערהויבן געוואָרן צו ווערן איינגעהער אין הויף און איר טאָכטער... אָהאָ, איר טאָכטער וואָלט דאָך געוואָרן די קייזערין פון עסטרייך! אַלץ איז דאָך מעגליך!

מיט אַזעלכע געדאַנקען האָט זיך אַרומגעטראָגן די באַראָנין און אין אַ געוויסן אָקטאָבער-טאָג האָט זי די דאָזיגע געדאַנקען אַרויסגעזאָגט פאַר איר ברודער.

לעאָנידאַס באַלטאַצי האָט אָנגעכמורעט זיין געזיכט און בייז געענטפערט:

— דער דאָזיגער פרויען-יעגער וועט זיך אינגיכן אָנזעטינן מיט מאַריע... וועסט זען! איך קען אים זעהר גוט. און חוץ דעם וועט דער הויף קיינמאָל נישט דערלאָזן, אַז ער זאָל חתונה האָבן מיט אַ געוועהנליכער באַראָנעסע. האָסט פערגעסן וועגן דעם?

— אָבער, לעאָנידאַס, ער האָט זי דאָך אַזוי ליב, ער קאָן אָן איר נישט לעבן, איך האָב געלייענט זיינע בריף צו איר, גלויב מיר!

— איך גלויב נישט קיין קרוינפרינץ׳ן. דער טראָן איז זייער שטאַרקסטע צוציִהונגס־קראַפט. און איבריגנס, האָסטו פערגעסן דערין, אַז דער הערצאָג בראַגאַנצאַ איז פערצווייפלט און ער האָט געשוואוירן ביים הייליגן צלם, אַז ער וועט נישט דערלאָזן דערצו, אַז מאַריע זאָל זיך אויף ווייטער זען מיט׳ן קרוינפרינץ. די לאַגע איז אַנ׳ערנסטע. מאַריע קאָן איצט ווערן דער אָביעקט פון קאַמף צווישן טראָנפאָלגער און דעם הער־צאָג. מיר מוזן זען צו געפינען אַ מיטל, ווי אַזוי מאַריען צו ראַטעווען, ווייל קודם־כל וועט זי ליידן, די אומגליקליכע!

דאָס געשפרעך איז איבערגעריסן געוואָרן, ווייל מאַריע איז אַריינגעקומען אין צימער.

און באמת טאַקי איז דער הערצאָג געווען פערצווייפלט ביז צו דער העכסטער מדרגה. ער איז שוין פון לאַנג שטאַרק פערליבט געווען אין מאַריען, ער פלעגט אָפט קומען צו די וועטסעראַ׳ס אין שטוב און פאַרגעלייגט אוועקצוגעבן אַלע זיינע רייכטימער, אַבי מאַריע זאָל געהערן צו אים. ער האָט נישט געקאָנט פערשטעהן מאַריעס גלייכגילטיגע בעציהונג צו אים. נאָך אויף יענעם באַל ביי דער גרעפין לאַריש, בשעת דער קרוינפרינץ האָט מיט אַזעלכע גיריגע אויגן געזוכט „די פרוי מיט די שוואַרצע אויגן“, האָט ער זיך אַנגעשטויסן, אַז דאָס מוז ער אודאי מיינען מאַריען, אָט דאָס געטליך־שעהנע מיידל, וואָס ער, דער הערצאָג, פערגעטערט אַזוי. ער איז זי דאַמאָלס אוועק אויסזוכן, כדי זי צו פערשטעלן פון דעם טראָנ־פאָלגערס אויגן. דאָס איז אים אָבער נישט געלונגען. דער קרוינ־פרינץ האָט אַ דאַנק דער גרעפין לאַריש זיך פריער דערנענטערט צו איר און דאָס אומגליק איז געשען. דער הערצאָג האָט גע־פילט, אַז מאַריע איז פאַר אים פערלוירן, אַז ער וועט זי פון קרוינפרינצס איינפלוס נישט ראַטעווען. זיין פערצווייפלונג און זיינע שרעקליכע ליידן זענען דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ער האָט זיך אפילו ענטשלאָסן אויף אַ נקמה־אַקט.

נאָכדעם, ווי דער געשפרעך צווישן ברודער און שוועסטער איז איבערגעריסן געוואָרן, ווייל מאַריע איז פלוצלונג אריינגע־

קומען, האָט די באַראָנין זיך געווענדעט צו איר טאָכטער מיט פאָלגנדע ווערטער:

— דו ווייסט, מאַריע, אַז דער הערצאָג בראַגאַנצאַ איז דאָ היינט אינדערפרי געווען און זיך געפרעגט אויף דיין לעצטע דעציזיע. דו מוזט דאָך סוף כל סוף זאָגן: יאָ אָדער ניין. מיר ווע̇לן דיך נישט צווינגען, אָבער ווייס, אַז דיין ניין בע־דייט פאַר אונזער משפחה אַ קלאַפּ. דו פערגעסט, אַז אונזערע מאַטעריעלע מיטלען לאָזן זיך אויס...

מאַריע, אַ געוואַלדיג בלאַסע מיט פינקלדיגע, ברייט פונאַנדערגעעפנטע אויגן, האָט מיט אַ שניידנדיגער שטים געזאָגט:

— איך ווייס נישט, טוט ווי איר ווילט. מיר איז אַלץ איינס.

— וואָס הייסט דאָס, מאַריע? דער הערצאָג בראַגאַנצאַ ווייל דאָך דיין האַנד, מוזט דו דאָך געבן אַנ'ענטפער, — האָט זיך אַריינגעמישט באַלטאַצי.

— איך... בין נישט איך... — האָט זי שוין געציטערט אינגאַנצן, — דאָ פאַר אייך שטעהט אַנ'אַנדערע מאַריע, טוט מיט איר וואָס איר ווילט... כ'ווייס נישט... כ'ווייס נישט...

זי האָט זיך אָנגעהאַלטן פאַר דער שטול, נעבן וועלכער זי איז געשטאַנען. איר פנים איז איצט געווען ווייס, ווי אַ תכריכים־קלייד און פון דאָרטן האָט אַרויסגעשיינט אַ בעזונ־דערע לויטערקייט, ווי ביי הייליגע. די אויגן אירע האָבן כסדר געברענט, ווי זיי וואָלטן געוואָלט פערניכטן איר גאַנצן קערפּער.

באַלטאַצי האָט זיך אָנגערופן אַנ'אויפגערעגטער:

— איך ווייס, פאַר וואָס דו ווילסט נישט הערן פון בראַגאַנצאָן, דאָס איז, ווייל... ווייל דער קרוינפרינץ האָט דיך פערפירט!

באַלטאַצי האָט געוואוסט, אַז זיין וואָרט טוט מאַריען שטאַרק ווייי. ער האָט איר אָבער געוואָלט זאָגן דעם נאַקעטן אמת אין די אויגן, מיינענדיג אַזוי אַרום אויף איר צו ווירקן. באַר באַלטאַצי, דעם מענשנקענער, דעם דורכגעלעבטן, קלוגן

גריך, איז קיין סוד נישט געווען, אַז מאַריע... שוואַנגערט.
עס האָט דערפון אפילו נישט געוואוסט די אייגענע מוטער,
די באַראָנין, נישט די שוועסטער מאַריעס. באַלטאַצי האָט גע־
נוי אָבסערווירט זיין שוועסטערס טאָכטער, ער האָט מיט פער־
שידענע מיטלען בעמיט זיך אַריינצודרינגען אין די געהיימ־
נישן פון אירע איצטיגע איבערלעבונגען און ס'איז אים גע־
לונגען צו דערגרייכן דעם דאָזיגן שרעקליכן אמת, אַז דער
קרוינפּרינץ האָט מאַריען פּערזענלעך געליקלט. זיין דרום־בלוט
האָט אין אים דערפאַר געבראַוזט און ער איז געווען גרייט
אויף אַלעם.

און ווען ער האָט זיך אין עטליכע טעג אַרום געטראָפן
מיטן הערצאָג בראַגאַנצאַ און אים איבערגעגעבן די ידיעה, אַז
פון שידוך קאָן, לײדער, גאָרנישט ווערן, ווייל מאַריע וואַרפט
אָב דעם פאָרשלאַג, האָט דער הערצאָג, ביילנדיג די פויסטן
אויסגעשריגן:

— נישט זי איז שולדיג, לעאָנידאַס, ער, דער פּרויען־
יעגער פון מייערלינג וועט אָבגעבן אַ דין־וחשבון פאַר אַלעם!

זיי זענען אַריין אין אַן עלעגאַנטן קאַפע און דאָרטן האָט
דער הערצאָג איבערגעגעבן וועגן זיין שרעקליכן האַס, וואָס ער
פילט צום קרוינפּרינץ.

— איך וואָלט פעהיג געווען אויף דעם שרעקליכסטן! —
האָט באַלטאַצי אויסגערופן.

— אָבער ווער פון אונז וועט וואַגן צו הויבן אַ האַנד
אויפן טראָנפאָלגער, — האָט בראַגאַנצאַ געזאָגט, — ער ווייסט
עס און דעריבער הוליעט ער אַזוי איבער אונזערע קעפ פראַנק
און פריי!

— איך טראָג מיך אַרום מיט אַ געדאַנק, הערצאָג, —
האָט לעאָנידאַס געזאָגט.

— למשל?

— פאַר בעליידיגן די ערע פון מיין שוועסטערס טאָכ־
טער קומט אים די העכסטע שטראָף...

— טויט? — האָט דער הערצאָג דערשראָקן גע־פרעגט, — שטיל, שטילער!...

— שווייגט, הערצאָג, איך מוז מאַריען ראַטעווען און, כדי דאָס צו דערגרייכן, מוז דער טראַנספּאָלגער אַראָבגערוימט ווערן...

— גאָט איז מיט אייך, באַלטאַצי! שוינט אייך, — האָט פּראַנצאָ געמאַכט אַנ'אָנשטעל, אַז ער שרעקט זיך, אָבער טיף אין דער נשמה האָט ער געוואָלט פון גאַנצן האַרצן, אַז דער קרוינפּרינץ זאָל פאַלן פון באַלטאַצים האַנד, ווייל ער האָט געוואוסט, אַז אַזוי גוט צילן, ווי באַלטאַצי קאָן, קאָן קיי־נער נישט...

זיי זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען דערמיט, וואָס באַלטאַצי האָט סוף־כל־סוף ערקלערט, אַז ער מוז פערטיידיגן די בע־ליידיגטע ערע פון זיין שוועסטערס טאָכטער. דער בעכער פון גיפט און כעס, וואָס האָט זיך אָנגעזאַמלט אין באַלטאַצים נשמה, איז פול געוואָרן. ס'האָט געדאַרפט אַריינטריפן איין טראָפּן, כדי דער גיפט זאָל זיך איבערגיסן.

און ער האָט זיך איבערגעגאָסן...

## 9. בראַטפּיש פּייפט

אין אַ פראָסטיגן, שנייאיגן יאַנואַר־טאָג האָט די גרעפין לאַריש געמאַכט אַ בעזוך ביי דער באַראָנין וועטסערא. מאַריע איז דעמזעלבן טאָג נישט אַרויסגעגאַנגען פון איר צימער. שוין עטליכע מעג, ווי מאַריע איז געווען שטאַרק צוטראָגן. זי האָט פון רודאָלפן קיין שום צייכן ניעט דערהאַלטן. אומ־זיסט האָט זי געזוכט אויפן בעשטימטן אָרט בראַטפּישן, ער זאָל זי, ווי געוועהנליך, פירן קיין מייערלינג. בראַטפּיש איז, ווי פערשוואונדן געוואָרן. וואָס איז דאָ געשען? זי האָט זיך דעריבער פערמאַכט אין איר צימער און מיט קיינעם נישט גערעדט.

בעת די גרעפין איז נעקומען, האָט זי זיך קודם כל גע־פרעגט אויף מאַריען, ווייל זי האָט איר געוואָלט עפּעס וויכ־

טיגס איבערגעבן. זי האָט געוואוּסט, אַז מאַריע וועט דערפֿון שטאַרק ליידן, אָבער זי האָט נישט געוואָלט פֿערהוילן פֿון דער פֿערליבטער פֿרוי דעם טרויעריגן אמת.

— איך האָב שוין לאַנג נישט געזען אייער שיינער מאַריע, — האָט זי געזאָגט צו דער באַראָנין מיט אַ שמייכל.

די מוטער האָט לעצטנס נישט גערן געוואָלט רעדן וועגן איר טאָכטער, כדי נישט צו בערירן די אָנגעווייטאָגטע פֿראַגע פֿון אירע בעציהונגען מיטן קרוינפּרינץ. און כדי אין דעם געגעבענעם פֿאַל אויך אויסצומיידן אַ שמועס וועגן דעם דאָזיגן ענין, האָט זי געזאָגט:

— מיין מאַריע איז ביי זיך אין צימער. ווען אָרדנט איר איין דעם נאָנטסטן קאַרנאַוואַל־באַל, גרעפֿין?

— אין אַ וואָך אַרום, איך בין טאַקי געקומען מיט אייך זיך דורכשמועסן וועגן געוויסע פּרטים. אָבער צי קאָן מען נישט זעהן די באַראָנעסע? איר שעהנקייט ציט מיך שטענדיג אַזוי צו, אַז איך בענק שוין נאָך איר.

— מאַריע! — האָט די מוטער אַ רוף געטון, — צי וואָלסטו ענדליך בעוויליגט אַרויסצוגעהן פֿון דיין צימער, די גרעפֿין וויל מיט דיר רעדן.

— איך האָב מיט איר נישט וואָס צו רעדן, — האָט זיך די גרעפֿין געכאַפּט, — איך וויל זי בלויז זען, נישט מער, וויל, ווי כ'האָב אייך געזאָגט... איר שעהנקייט... איר קלוגשאַפֿט...

— מאַריע, פֿאַרוואָס ענטפֿערסטו נישט? קום אַרויס!

אין פֿינף מינוט אַרום האָט זיך מאַריע בעוויזן. אירע אויגן זענען געווען מאַט און אָן דעם שטענדיגן פֿייער. די ליפּן זענען געווען בלאַס און אירע טריט זענען געווען שווערע און שלעפּנדיגע. זי האָט זיך בעגריסט מיט דער גרעפֿין און זיך אַוועקגעזעצט אין אַ ווייכן פֿאָטעל, פֿערוואַרפֿנדיג האַלב דעם קאָפּ.

די גרעפֿין האָט בעמערקט מאַריעס שווערן געמיט־צו־שטאַנד און געגלויבט, אַז זי ווייסט שוין פֿון אַלעם. זי האָט

דעריבער געוואָלט זיך איבערצייגן אין איר השערה און דע־
ריבער אזוי, דרך אגב, א פרעג געטון דער באַראָנין:
— צי אייער טאָכטער איז קראַנק, וואָס זי זעט אויס
אַזוי שלעכט?
— איך זע נישט אויס שלעכט, איך פיל זיך גוט, זעהר
גוט! — האָט מאַריע געענטפערט און זיך אויסגעגלייכט, בער־
לייגנדיג איין פוס אויפן אַנדערן.
די גרעפין האָט ווייטער געפּרוווט זיך צו דערוויסן, אויב
מאַריע ווייסט שוין פון עפּעס:
— אין הויף איז געשען א נייעס, — זי האָט דערביי
לייכט א שמייכל געטון.
— א נייעס, וואָס אַזעלכעס? — האָט די באַראָנין
געפרעגט.
בלויז מאַריע האָט געשוויגן, נאָר איר האַרץ האָט זיך אָנ־
געהויבן צו וואַרפן, ווי א פערוואונדעטע חיה. איר האָט גע־
זאָגט א פערבאָרגענע שטים, אז ס'איז עפּעס געשען מיט רו־
האָלפן.
— קיין שום אויסערגעוועהנליכס נישט, — האָט די
גרעפין לאַריש געזאָגט, — צווישן קרוינפּרינץ און זיין ווייב
איז צוריק איינגעפירט געוואָרן א שלום־בית. דער קייזער איז
גליקליך, די קייזערין טרויערט שוין נישט אזוי.
די באַראָנין האָט גאָרנישט געענטפערט, ווי זי וואָלט
מער וועגן דעם דאָזיגן ענין נישט געוואָלט רעדן. מאַריע האָט
זיך בעהערשט און נישט אַרויסגעוויזן די מינדסטע ענדערונג
אויף איר געזיכט. בלויז די אויגן אירע האָבן זיך אָנגעצונדן
מיט דעם כאַראַקטעריסטישן פייערל.
— דער קרוינפּרינץ האָט אייך געלאָזט גריסן, באַראָ־
נעסע וועטסעראַ, — האָט די גרעפין געזאָגט צו מאַריען.
— מיך? — האָט זי געזאָגט מיט אַן אויסגעצויגענער
שטים. זי האָט א ציטער געטון מיט די ליפּן און געפרעגט, —
זיין הויכקייט איז כסדר אין האָפבורג?
— געוויס, זינט ער האָט זיך איבערגעבעטן מיט זיין

פרוי, געפינט ער זיך כסדר אין קייזערליכן פּאַלאַץ, אין זיינע אַפּאַרטאַמענטן.

מאַריע האָט געפילט, אַז זי קאָן זיך פון פּאַטעל נישט אויפהויבן. אַלע אין צימער האָט זיך גענומען בעוועגן, אירע אויגן האָבן נישט אונטערגעשיידט קיין שום זאַך, שטיקער פונקען און פייערדיגע רעדער האָבן זיך געדרעהט פאַר איר בליק. זי האָט מיט אַלע כוחות אָנגעשטרענגט איר ווילן און זיך בעהערשט, כדי פאַר דער גרעפין און דער מוטער נישט אַרויסצוּווייזן, וואָס עס קומט איצט פאָר אין איר נשמה.

האָט ער, דער לייכטזינדיגער, ליבער רודי, אָן איר פערגעסן? זי קאָן עס נישט גלויבן. זי וואָלט ענדער געגלויבט, אַז די זון זאָל אַראָפּפאַלן פון הימל אויף דער ערד, איידער דער געדאַנק, אַז איר איינציגע האָפנונג, איר אַלץ, איר וואונדערליכער רודי, זאָל זי אָוועקוואַרפן. דאָס איז אוממעגליך. דאָס איז נישט מער, ווי אַ חלום און זי וועט זיך, אודאי, באַלד אויפכאַפּן פון דעם ראַזיגן שרעקליכן חלום...

זי האָט בעשלאָסן הורכאויס צו רעדן אויג אויף אויג מיט דער גרעפין לאַריש. זי מוז פון איר הערן דעם גאַנצן אמת. זי האָט דעריבער מיט דער גאַנצער אָנשטרענגונג פון אירע כוחות זיך געווענדעט צו דער גרעפין מיט פאָלגנדיגן פאָרשלאַג:

— גרעפין, איך בין שוין ד״רי טעג נישט אַרויסגעגאַנגען פון שטוב און פיל זיך דעריבער שלעכט. היינט איז אַ שעהנער ווינטער־טאָג, וואָלט איך גערן געמאַכט אַ שפּאַציר מיט אייך אין אייער קאַרעטע.

די גרעפין האָט גערן איינגעשטימט, וועלנדיג האָבן די געלעגנהייט צו רעדן מיט מאַריען וועגן אַלעם. זי האָט געזען, אַז מאַריע ווייסט נאָך פון גאָרנישט. צו וואָס זאָל זי זיך פייניגן אומזיסט? — האָט זי זיך געטראַכט. — דער קרוינפרינץ וועט דאָך מיט מאַריען זיך מער נישט זען; ער האָט דאָך בעשלאָסן און געגעבן דעם קייזער זיין ערן־וואָרט, אַז ער וועט איבעררייסן מַיט זיין געליבטער. טאָ צו וואָס זאָל

די דאָזיגע אָרימע מאַריע אומזיסט ליידן? זי וועט איר אַלץ דערצעהלן און זאָל מאַריע וויסן, אַז מיטן קרוינפּרינץ איז נעענדיגט! פאַרוואָס זאָל זי אָבוואַרפן דעם גליקליכן פאַרשלאָג פון הערצאָג בראַגאַנצאַ, וועלכער האָט זי ליב. איצט, נאָך דעם ווי ס'איז געשען דאָס אַלץ — דאַרף מאַריע איינשטימען אויפן שידוך מיטן הערצאָג. זי וועט מיט אים זיין גליקליך. די מאַטעריעלע לאַגע פון איר משפחה וועט זיך בעדייטנדיג פערבעסערן און זי, מאַריע, וועט זיכער ליב קריגן דעם הערצאָג. ער איז אַזאַ גוטער, עלעגאַנטער און שעהנער.

דאָס אַלץ האָט די גרעפין לאַריש אַרויסגעזאָגט פאַר מאַריען, ווען זיי זענען צוזאַמען געפאָרן אין דער קאַרעטע.
מאַריע האָט זי אויסגעהערט און געשוויגן. ווען מען וואָלט זי איצט געשלאָגן מיט אייזערנע ריטער, די ערגסטע יסורים אָנגעטון, וואָלט זי קיין איין וואָרט נישט געקאָנט אַרויסברענגען פון איר מויל. וואָס דאַרף זי דען בכלל איצט רעדן? פאַר איר איז איצט אַלץ פערלוירן, איר לעבן איז אויפן שיידוועג פון טויט, קיין שום ווערטער, קיין שום קלאַנגען קאָנען נישט אויסהיילן דאָס האַרץ, וואָס געהט אָב אין בלוט...
— בין איך נישט גערעכט, מאַריע? — האָט די גרעפין זי איבערגעפרעגט נאָכאַמאָל, זעענדיג, אַז מאַריע ענטפערט נישט און אירע אויגן קוקן ערגעץ ווייט.
מאַריע האָט אָנגעכאַפּט די גרעפין ביי דער האַנד און זי צוגעדריקט צום האַרצן. זי האָט געוויזן אַ צייכן מיטן געזיכט, אַז זי קאָן נישט רעדן. אירע אויגן זענען געוועזן פערלאָפן מיט אַ פינקלדיגן ים פון טרערן. די גרעפין האָט זיך אַזש דערשראָקן. זי האָט נישט געגלויבט, אַז דאָס דאָזיגע קינד איז אַזוי שטערבליך, אומהיילבאַר פערליבט. זי האָט איצט פער-
[illegible]
איינשניידן זיך אין מאַריעס האַרץ, ווי שאַרפע שווערדן!
גלעטנדיג מאַריעס געזיכט, האָט די גרעפין געזוכט די שטאַרקסטע טרייסט־ווערטער, כדי צו לינדערן די פערוואונדעטע נשמה פון דעם דאָזיגן פערליבטן, אַכצניעריגן מיידל.

אָבער מאַריע האָט זי כמעט נישט געהערט. זי האָט זיך פּלוצלינג געגעבן א ריס אויף, אירע אויגן האָבן שאַרף בעטראַכט עפּעס א זאַך פון דערווייטנס און מיט א שטאַרק, האַפענונגספול קול האָט זי זיך געווענדעט צו דער גרעפין:

— גרעפין, הייסט אָבשטעלן די קאַרעטע. איך מוז שוין אויסשטייגן!

— וואָס איז געשען, מאַריע, האַ? — האָט די גרעפין פערוואונדערט געפרעגט.

— איך מוז, איך מוז, שוין, שוין! — האָט זי מיט פערצווייפלונג געבעטן די גרעפין.

— אָבער וואָס אַזעלכעס איז פאָרגעקומען? מאַריע, זאָג מיר! — איז די גרעפין געווען פול מיט ערשטוינונג.

— שנעלער, שנעלער, הייסט אָבשטעלן, אין געגנפאַל שפּרינג איך אַרויס אין מיטן פאָרן! — האָט מאַריע שוין געשריגן הויך.

די גרעפין האָט געהייסן אָבשטעלן די קאַרעטע. מאַריע איז שנעל אַרויסגעשפּרונגען און זאָגנדיג צו דער גרעפין: — זייט מיר מוחל, איך וועל אייך מאָרגן אַלץ אויפקלערן, איר קאָנט פאָרן ווייטער, — האָט זי שנעל געגומעט ,ויפן איבער דער גאַס און פערקירעוועט אין א זייט צום רינג-פּלאַץ.

זי איז געלאָפן שנעל, אָן איין אָטעם. דאָס האַרץ האָט איר געקלאַפּט, ווי א שווערער האַמער. האָט דערזען בראַטפּישן, וועלכער איז געפאָרן אין דער ריכטונג צו האַפּבורג. זי האָט אים געוואָלט אָניאָגן. בראַטפיש ווייסט אַלץ. דורך אים וועט זי קאָנען געבן צו וויסן דעם קרוינפּרינץ, אַז ער וויל זיך מיט אים זען, כאָטש איינמאָל, דאָס לעצטע מאָל זען.

— בראַטפּיש! בראַטפיש! — האָט זי אים גערופן.

ער האָט זיך אומגעדרעהט און, דערזעהענדיג זי, האָט ער אָראָבגענומען זיין צילינדער און זי בעגריסט.

— הערט, בראַטפּיש, איך וועל אייך געבן א בריוועלע און גיט עס נאָך היינט איבער זיין הויכקייט, דעם קרוינפּרינץ.

זי האָט אַרויסגענומען אַ בייגעלע פּאַפּיר און מיט אַ בלייפעדער אָנגעשריבן פאָלגנדיקע שורות:

„מיין פערלווירענער, טייערער רודי!

כ'וויים פון אַלעם. כ'בין דיר מוחל, ווייל כ'האָב דיך ליב, אַזוי שטאַרק ליב! אָבער כ'בעט דיך, טו עס פאַר דיין מערי, — האָסט מיך דאָך נאָך ליב, איך וויים עס, איך פיל עס. — זע זיך מיט מיר נאָך איינמאָל, דאָס לעצטע מאָל. איך וויל דיך נאָך איינמאָל שטאַרק קושן, כ'בעט דיך, רודי, טייערער! היינט איז דער 29־טער יאַנואַר, מאָרגן אין אָוונט טרעפן מיר זיך אין מייערלינג, יאָ, רודי? יאָ? בעפעל בראַטפּישן צו וואַרטן אויף מיר. איך וועל קומען אויפן אָנגעוויזענעם אָרט פינף אָוונט. זאָל בראַטפּיש שוין וואַרטן. כ'בעט דיך, רודי, זאָג מיר דאָס מאָל נישט אָב. דאָס לעצטע מאָל. האָסט מיר דאָך קיינמאָל אין קיין שום זאַך נישט אָפּגעזאָגט. איך האָב דיך ליב, רודי, און דו מיך אויך, יאָ? געדענק־זשע, בעפעל בראַטפּישן, ער זאָל וואַרטן אויף מיר.

דיין שטיל־וויינענדיקע
מ ע ר י."

זי האָט נערוועז און שנעל אָנגעשריבן די עטליכע שורות, מיט ציטערנדיקע הענט אַריינגעלייגט אין קאָנווערט און פערחתמעט.

— איז עס ערלעדיגט, בראַטפּיש?

— גענוי און פּונקטליך!

זי האָט אים דערלאַנגט אַ צען־קראָן־שטיק. ער האָט גענעבן אַ הויכן פייף, אַ שמיץ געטון זיינע צוויי געזונטע פערד און אָבגעפאָרן.

## 10. די לעצטע נאַכט

דעם 30־טן יאַנואַר פון 1889 איז אין דער שעהנער דונאַי־שטאָט געפאַלן אַ געדיכטער שניי. די הויפּט־שטאָט איז געווען איינגעהילט אין אַ ווייסן קיטל. באַלד האָט דער שניי

אָבער אויפגעהערט און די קאַלטע ווינטער־זון האָט בעגאָסן די בלישטשענדיגע פענסטער־שויבן מיט א רויטליכן אָבגלאַנץ.

מאַריע איז געזעסן אין איר צימער און זיך צוגעגרייט צו איר הייגטיגן צוזאַמענטרעפן זיך מיטן קרוינפּרינץ. זי האָט זיך אָנגעטאָן אין א שניי־ווייס קלייד, וואָס האָט וואונדערליך־פּרעכטיג זיך אָבגעשלאָגן אָן אירע שוואַרצע ברעמען און האָר. זי האָט אויסגעזען, ווי א יונגע כלה, אין חופּה־טאָג. אירע בלאַסע באַקן און די אומעטיגע, פייכטע אויגן האָבן איר צו־געגעבן א בעזונדערן צויבער און חן. די שטאַרקסטע ברוטאַל־קייט און ווילדקייט וואָלט בעצווינגען געוואָרן ביים אָנבליק פון חער דאָזיגער זעלטענער פרוי.

אין א צווייטן צימער איז געזעסן באַלטאַצי. ער האָט בעמערקט, אז מאַריע איז שטאַרק אומרוהיג און, אז זי גרייט זיך צו עפּעס אַנ׳אויסערגעוועהנליכער זאַך.

ער האָט גאָר נישט געקאָנט פערשטעהן צו וואָס טוט מאַריע אָן א ווייס קלייד. געהט זי אויף א פייערליכקייט? איינע אליין? דאָס איז אומגעגליך. ווענן דעם, אז זי געהט זיך זען מיטן קרוינפּרינץ, האָט ער געהאַלטן פאַר אַנ׳אויס־געשלאָסענע זאַך, ווייל ער האָט שוין געהערט פון הערצאָג בראַגאַנצאַ, אז רודאָלף האָט שלום געמאַכט מיט דער קרוינ־פּרינצעסין, אז ער האָט געשוואוירן פאַרן קייזער איבערצו־רייסן מיט אלע זיינע ליבהאָבערינס, בעזונדערס מיט וועטסע־ראַן. און באַלטאַצי האָט געוואוסט, אז די שבועה פון א טראָנ־פאָלגער איז הייליג. רודאָלף האָט, אודאי, שוין פערגעסן אָן מאַריען. ער האָט געהאַלטן, אז דאָס איז ממש א גליק. איצט, נאָכדעם, ווי מאַריע וועט זיך אָבגעוואוינען פון קרוינפּרינץ, וועט מען קאָנען צוריק אָנהויבן צו שמועסן וועגן שידוך מיט בראַגאַנצאַן.

אָבער וואוהין געהט זי איצט? פון איר האַלטונג, פון איר מאָרגע געזיכט, וואָס דריקט אויס עפּעס א מין הייליג תפילה־טון, איז צו זען, אז איר וועג פירט צו א וויכטיג אָרט. ער

מוז איר נאָכגעהן, ער מוז זי אָבהיטן. ווער ווייסט, וואָס פאַרא געדאַנקען עס ענגבערן איצט אין דעם דאָזיגן מיידלס מוח.

ווען מאַריע איז אַראָב אויפן גאַס, האָט זי נישט בע־מערקט, ווי אַ הער, איינגעהילט אין אַ סאָבאָלנעם פוטער, האָט זיך איר נאָכגעשלייכט ביי דער וואַנד. דאָס איז געווען באַלטאַצי. ער האָט אויף יעדן פאַל מיטגענומען מיט זיך אַנ־אָנגעלאָדענעם רעוואָלווער, טאָמער וועט נויטיג זיין מאַריען צו פערטיידיגן פון עפּעס שלעכטס.

ער האָט געזען, ווי זי האָט פערקירעוועט אין דער ריכ־טונג צום רינג־פּלאַץ. נאָענט פון דאָרט האָט זי זיך אָבגעשטעלט און געוואָרט אַ ווייל. ער האָט בעמערקט, ווי זי קוקט זיך נערוועז אום אין אַלע זייטן און זוכט עמיצן. זי איז מיט געוואַלדיגער אונגעדולדיגקייט אַרומגעלאָפן איבער דער גאַס, געשפּרייזט מיט ברייטע טריט, ווי עס וואָלט איר פּלוצלינג בעהערשט אַ שגעון. זי האָט אפילו נישט געלעגט קיין אכט, וואָס די פערביינגעהער בעטראַכטן זי מיט פערוואונדערונג. זי איז ווייטער געלאָפן פון איין עק גאַס ביז צו דער אַנדערער און זיך אומגעקוקט אין אַלע זייטן.

פּלוצלינג איז שנעל אָנגעפאָרן אַ קאַרעטע. באַלטאַצי האָט דערקענט דעם קוטשער בראַטפּיש. מאַריע איז ענטגעגנ־געלאָפן דער קאַרעטע און מיט אַ פריידי־אויסגעשריי אויסגע־רופן:

— בראַטפּיש! בראַטפּיש!

בראַטפּיש האָט זיך אָבגעשטעלט און זיך פערענטפערט.

מאַריע האָט גאָרנישט געהערט, וואָס ער האָט גערעדט. אין איר האָט פּלוצלינג אויפגעברויזט אַזאַ שטורם פון פרייד, אַז זי איז, ווי אַ הירש, אַריינגעשפּרונגען אין דער קאַרעטע, אויפמאַכנדיג זיך אַליין דאָס טירל, און מיט אַ פרייליכע־שטים געזאָגט:

— מיר פאָרן קיין מייערלינג, בראַטפּיש, יאָ? שנעלער פאָר!

ווען באַלטאַצי האָט געהערט דאָס וואָרט: מייערלינג,

איז שוין פאר אים אלץ קלאר געווארן. הייסט עס, אז זייערע באציאונגען זענען נישט איבערגעריסן געווארן, אז דער דאזיגער פרויען־יעגער פערפירט זי ווייטער. ניין, איצט וועט ער אים נישט שוינען! זעהר גוט, וואס ער האט מיט־גענומען דעם רעוואלווער. ווי א פארגעפיל וואלט אים איינ־גערוימט א סוד: נעם מיט געווער! ער פארט תיכף קיין מייערלינג. וואס וועט זיין — זאל זיין! ער איז אפילו גרייט געהרגעט צו ווערן! ער קאן שוין מער נישט צוזען, ווי אט דער דאזיגער קייזערליכער זון טרעט די ערע פון אזא יונג מיידל. דער טראנספאלגער מוז דערפאר בעצאלן מיטן לעבן. צי דערפאר, ווייל ער איז דער איינציגער זון פון קייזער פראנץ־יאזעף, דארף אים יעדע זינד ווערן געשענקט. אויב פאר קיין טראנספאלגער איז נישטא קיין געזעץ, וועט ער, באלטאצי, דאס געזעץ שאפן און אליין עס אויספירן!

ער האט זיך אזש געווארפן פון געוואלדיגער אויפרעגונג. ער האט צוגערופן א קוטשער און זיך געהייסן פירן קיין מייערלינג.

בראטפישס פערד זענען געווען געזונדערע און קרעפטי־גערע, בעזונדערם פלעגט ער זיי שטענדיג אויפמונטערן מיט זיין הילכיג פייפן, דעריבער איז מאריע אנגעקומען קיין מיי־ערלינג א סך פריער, ווי באלטאצי. ארויסשטייגנדיג פון דער קארעטע, האט זי זארגפעלטיג נאכאמאל א טאפ געטון איר פאלטא, צי דאס פלעשעלע מיט ציאן־קאלי, וואס זי האט נעכטן געקויפט, ליגט נאך אין דער קעשענע... דאס פלע־שעלע איז געלעגן איינגעוויקלט אין דין פאפיר. זי האט עס פעסטער אראפגעשטופט, ווי זי וואלט מורא געהאט, אז זי זאל עס נישט פערלירן. דערמאנענדיג זיך אבער, אז דער דינער לאשעק נעמט פון איר צו דעם גארדעראב, האט זי דאס פלעשעלע שנעל ארויסגענומען און עס בעהאלטן אין קלייד.

לאשעק האט שוין געווארט אויף איר ביים אריינגאנג.

ווען מאריע איז אריינגעגאנגען אין ערשטן זאל, איז אי־רודאלף ענטגעגנגעלאפן און זי ארומגענומען. ער האט גאר־

נישט געערדט, נאָר בערעקט איר געזיכט מיט הייסע קושן.

— מאַריע, איך... האָב געבענקט נאָך דיר! — האָט ער קוים אַרויסגעשטאַמלט און זי פעסטער געטוליעט צו זיך.

זי האָט אויפגעהויבן אירע אויגן צו זיינע און אים שווייגנדיק אָנגעקוקט און דערנאָך געזאָגט:

— רודי, דו ווייסט, אַז איך האָב דיך שטאַרק ליב?

אין איר בליק איז געווען אַזויפיל צער און ליבע גלייכציִיטיק, אַזויפיל האָפנונגסלאָזיקייט און פערצווייפלונג, אַז ער האָט אַוש אַ צאַפּל געטון.

— מערי, מערי, — האָט ער אויסגערופן מיט געוואַלדיגער צערטליכקייט, — איך האָב געוואוסט, אַז איך וועל עס נישט קאָנען, ניין, ניין! — און ער האָט זי גענומען אויף די הענד און זי אַריינגעטראָגן אין זיין אַרבעטס־צימער.

— דו לאָזט דיינע פריינד אַליין? — האָט זי געפרעגט.

— זיי טרינקען דאָרטן ביידע. מיר וועלן דערווייל דאָ שמועסן.

זי האָט אים אַרומגענומען ביים האַלז און, צולייגנדיג איר געזיכט צו זיינס, האָט זי מיט אַ שטילער שטים געפרעגט:

— איז היינט אונזער לעצטע נאַכט, רודי?

ער האָט נישט באַלד געענטפערט. זי האָט געפילט, ווי ער האָט אַ ציטער געטון.

— לאָמיר וועגן דעם נישט רעדן. מיר איז אַזוי שווער וועגן דעם צו רעדן, מאַריע. איך ווייס נישט וואָס ס'וועט זיין. אָבער איצט בין איך גליקליך, ווען איך קאָן קושן דיינע זיסע ליפּן, אָנטרינקען זיך מיט דעם פייער פון דיינע אויגן!

זי האָט זיך אָוועקגעזעצט נעבן אים און, גלעטנדיג זיין האַנט, האָט זי געזאָגט:

— איז אמת דאָס אַלץ, וואָס די גרעפין לאַריש האָט דערצעהלט?

— ס'איז אמת, אָבער... פאַרוואָס זאָלן מיר איצט דערפון רעדן? לאָמיר געניסן, מאַריע, לאָמיר טרינקען, יאָ?

— דו ווילסט טרינקען און שיכור זיין און גנעניסן, ווייל ס'איז די לעצטע נאכט, רודי? — האָט זי פעסט אונטער־געשטראָכן די לעצטע ווערטער.

— מערי טייערע, הארציגע, רעד נישט מער וועגן דעם, ווייל דו עפנסט אויף מיינע וואונדן, קום לאָמיר טרינקען!

— מיינע וואונדן זענען אָפענע און בלוטיגן, רודי! טוט עס דיר נישט וועה?

— אך! גאָלדן קינד מיינס! — ער האָט זי ווידער בעדעקט מיט הייסע קושן און זי אויפגעהויבן אין דער הויך.

— זעהסט, מערי, איך וועל דיך אַזוי אויפהויבן און אריבערטראָגן איבער טייכן און וואסערן, איבער אַלע געפארן. דו וועסט זיין מיינע, שטענדיג מיינע!

— און דער קייזער? — האָט זי אים שטיל איינגע־רוימט אין אויער.

ער האָט אויפגעצאפּלט, ווי אַנ'אָבגעבריטעֶר. ער האָט זי אָנגענומען ביי דער האַנד און מיט אַ פעסטער שטים גע־זאָגט:

— מאריע, לאָמיר קודם געניסן און דערנאָך וועל איך דיר אַלץ זאָגן.

— זאָג מיר שוין! איך וויל אויך געניסן, אָבער איך וויל וויסן איין זאך...

— וואָס פאר אַ זאך? — האָט ער פערוואונדערט גע־פרעגט.

— צי דארף איך היינטיגע נאכט אויסטרינקען דעם כוס פון געניסן ביז צום דעק? זאָג, איז עס אונזער לעצטע נאכט פון צוזאמענזיין, זאָג מיר, רודי?

ער האָט זיך געקאָרטשעט ווי אַ שלאַנג. פּלוצלינג איז ער אויפגעשפרונגען. ער האָט געהערט אַ קלאַנג פון צובראָכענע שויבן, לאָשעקס פערצווייפלט קול און אַ הייזעריג־שרייענדיגע שטים פון אַ פרעמדן מענש אין דרויסן.

— וואָס איז דאָרטן געשען, רודי? — האָט מאריע דערשראָקן געפרעגט.

— כ'ווייס נישט, אָבער בלייב דאָ איבער אין צימער. איך לויף זעהן, וואָס עס קומט דאָרטן פאָר אין דרויסן.

רודאָלף איז שנעל ארויסגעלאָפן אין פאָדערהויז. ער האָט געזעהען, ווי לאָשעק ראַנגלט זיך מיט אַ הער אין אַ סאָבאָלנעם פוטער. דער הער שרייט:

— איך דאַרף צום קרוינפּרינץ רודאָלף, לאָזט מיך אריין צום קרוינפּרינץ!

און לאָשעק, אַ פערצווייפעלטער, סאָפּענדיגער, שטופּט יענעם אָב פון זיך און שרייט:

— ארויס פון דאַנען, הונד איינער! דורכן פענסטער ביזטו נעגאַנגען קריכן? איך וועל דיר ווייזן, דו הינטישע נשמה!

רודאָלף האָט באַלד דערקענט דעם גריך באַלטאַצי. ער האָט בעפוילן לאָשעקן צו שווייגן און זיך אָנגערופן:

— איך בין דער קרוינפּרינץ רודאָלף, וואָס דאַרפט איר?

באַלטאַצי איז געוועזן שטאַרק דערנערווירט פון זיין נישט געלונגענעם איינברוך דורכן פענסטער. ער האָט געוואָלט שטילערהייד אריינגנבענען זיך אין פּאַלאַץ און דאָרטן מיט איין שאָס אוועקלעגן דעם טראָנפאָלגער. אויף דער פראַגע פון רודאָלפן, האָט ער שנעל אריינגעשטעקט די האַנד אין דער קעשענע און געזאָגט:

— דאָ אין פּאַלאַץ געפינט זיך מייז שוועסטערס טאָכטער, וועלכע איר האָט אויף אַ געמיינעם אופן פערפירט! גיט זי ארויס!

רודאָלף איז בלאַס געוואָרן. אין די דאָזיגע ווערטער האָט ער אויך געפילט אַ תיכפדיגן אָנזאָג פון טויט. לויט דעם, ווי באַלטאַצי האָט געהאַלטן זיין האַנד אין קעשענע און לויט זיינע ווילדע, מיט בלוט־פערגאָסענע אויגן, האָט דער קרוינפּרינץ געפילט, אז יעדע סעקונדע קאָן דעצידירן וועגן זיין לעבן אָדער טויט. די שווערע בעליידיגונג, וואָס יענער האָט געוואָרפן אים, דעם טראָנפאָלגער, די געוואַלדיגע סכנה יענע

מינוט אומצוקומען פון באַלטאַציס אַ קויל, האָט געוווירקט, אַז רודאָלף האָט בליץ־שנעל אַרויסגעכאַפּט פון קעשענע אַ רע־וואָלווער און, נישט זאָגנדיק קיין איין וואָרט, אויסגעשאָסן אין באַלטאַצין.

באַלטאַצי האָט זיך אַ וואַקל געטון, שוין געהאַט אַרויס־געכאַפּט דעם רעוואָלווער, אָבער ער האָט שוין נישט גע־קאָנט שיסן. אַ שווער פּערוואונדעטער איז ער אַנידערגעפאַלן אויף דער ערד, בעגיסנדיק זיך מיט בלוט.

— נעם אים צו פון דאַנען! — האָט רודאָלף בעפוילן לאַ־שעקן און שנעל אַריינגעגאַנגען צו מאַריען.

— ווער האָט געשאָסן? וואָס איז געשען? — האָט מאַריע דערשראָקן געפרעגט.

— איך האָב דערשאָסן אַ מענש, וואָס האָט זיך גע־וואָלט אַריינגנבענען אין פּאַלאַץ און מיך דערהרגענען.

— גאָט מיינער, דיך דערהרגענען, דיך, רודי? — האָט מאַריע פערצווייפלט פערבראָכן מיט די הענד.

— ווער איז ער אַזעלכער? רודי, זאָג! אפשר... בראַ־גאַנצאַ?

זי האָט זיך אַליין דערשראָקן פאַר דעם דאָזיגן געדאַנק.

— בראַגאַנצאַ? המ. — האָט ער אַ ברום געטון, — און אפשר האָט ער אויך אַ האַנד דערין. הער, מאַריע, ביז־געקומען אהער, כדי מיר זאָלן צוזאַמען פערברענגען. לאָמיר היינט מער נישט רעדן וועגן טרויעריגע זאַכן. קום, מאַריע, טרינקען!

ער האָט זי גענומען אַריינפירן אין זאַל, וואו זיינע פריינד זענען געזעסן און געטרונקען. זיי זענען געגאַנגען אי־בער אַ לאַנגן קאָרידאָר, איבער וועלכן ס'איז געווען אויסגע־שפּרייט אַ גרינער, דיקער טעפּיך.

— רודי, — האָט זיך מאַריע אָנגערופן, — זע נאָר, דו האָסט געמוזט טרעטן אין בלוט. דו לאָזט איבער אויפן טעפּיך בלויז בלוט־צייכנס!

ער האָט אינסטינקטיוו אויפגעציטערט. האָט ער זיך אין

דער דאָזיגער סעקונדע דערמאָנט אָן די ווערטער פֿון דער אַלטער טרעפּערקע? ער האָט זיך אָבגעשטעלט און נערוועז גענומען רייבן די פֿיס אָן טעפּיך.

ווען זיי זענען אַריין אין זאַל, וואו דער גראַף האָיאָס און פּירשט קאָבורג האָבן געטרונקען, האָבן זיי ביידע חברה־לייט געטראָפֿן ליגן טויט־שיכור אויסגעצויגן אויף די סאָפֿעס.

— גיס אָן פֿאַר מיר אַ גרויסן כוס וויין! — האָט מאַריע געזאָגט, — איך וויל היינט זיין שטאַרק פֿרעהליך. איז דיר נישט אומעטיג, רודי?

— פֿאַרוואָס זאָל מיר זיין אומעטיג? איך בין דאָך מיט דיר, דו זעהסט דאָך איצט אויס, אין דיין ווייס קלייד, ווי אַ מלאך, וואָס גאָט האָט אַראָבגעשיקט מיך צו טרייסטן אין די שווערע מינוטן פֿון מיין לעבן.

— אָבער, רודי, דו האָסט דאָך איצט געהרגעט אַ מענש!

— איך האָב זיך בלויז פֿערטיידיגט, מיין טייערע, און לאָמיר אָן דעם פֿערגעסן. היינט איז אונזער נאַכט, טרינק!

ער האָט איר אָנגעגאָסן אַ גרויסן באָקאַל שוימיגן שאַמ־פּאַניער. זי האָט עס מאָמענטאַל אויסגעטרונקען.

זי האָט זיך אָנגעלענט אויף זיינע קני, אים אַרומגע־האַלזט און מיט אַ שטילער שטים געזאָגט:

— מיר וועלן זיך שוין מער נישט זעהען, רודי, יאָ?

— טרינק, מערי, טרינק!

— ענטפֿער מיר! פֿאַרוואָס שווייגסטו?

זי האָט אויסגעטרונקען נאָך אַ כוס שאַמפּאַניער.

— פֿאַרוואָס שטערסטו איצט אונזער גליק? — האָט ער מיט אַ ציטערנדיגער שטים געזאָגט, — מיר וועלן טרינ־קען און דערנאָך וועסטו זיך צוטוליען צו מיר און מיך קושן מיט דיינע ברענענדיגע ליפּן! פֿאַרוואָס טריפּסטו אַריין סם אין אונזער בעכער פֿון גענוס?

זי האָט, ווי פֿערטראַכט, נאָכגעזאָגט:

— סם? — הער, רודי, איך ווייס דאָך, אַז דו מוזט ווערן קייזער און דו מוזט דעריבער זיין אַ גוטער מאַן צו

דיין ווייב. לאָמיר טרינקען לכבוד דיין אַרויפשטייגן אויפן טראָן!

זי איז אַראָבגעשפּרינגען פון זיינע קני, האָט אָנגעגאָסן נאָך צוויי באָקאַלן און זיי אויסגעטרונקען מיט איין שלונג.

— לכבוד דעם קייזער הודאָלף! לכבוד דעם קייזער הודאָלף! האָך! — האָך!

זי איז שוין געווען שיכור. אירע באַקן האָבן געבריט און זענען רויט געווען, ווי ציינטער. פון אירע אויגן האָבן אַרויסגעשלאָגן רויטע בליצן. אירע ליפן האָבן ליידנשאַפטליך געקושט רודאָלפס הענד, רודאָלפס פּנים, רודאָלפס ליפן.

ער האָט זי ווידער גענומען אויף די הענט און שטי־לערהייט, כדי נישט אויפצוּוועקן זיינע פריינד, זי אַריינגע־טראָגן אין זיין פּרעכטיגן שלאָף־בודואַר.

ער האָט זי אַוועקגעלייגט אויף זיין בעט, וואָס איז גע־ווען דורכגעזאַפּט מיט אַ וואונדערליכן דופט פון אַמבראַזיע.

ער האָט זי אויסגעטון און זאָרגפעלטיג אַוועקגעלייגט אירע זיידענע קליידער אויף אַ זייטיגע סאָפקע. זיי האָבן זיך פעסט אַרומגענומען און זייערע ליפן האָבן זיך צוגע־קלאַמערט איינער צו די אַנדערע און לאַנג האָבן זיי געזויגן דעם תענוגפולן נעקטאַר פון אַמאָרס בליענדיגן גאָרטן. —

— — — — — — — —

מאַריע האָט זיך אויפגעכאַפּט. אַרויסגעשליכט זיך פון זיינע אָרעמס. דאָס צימער איז געווען בעגאָסן מיט אַ גע־היימניספולער, מיסטישער רויטער ליכטיגקייט, וואָס האָט פערשפּרייט רויטע צונגען איבער די ווענט און מעבל. זי האָט זיך אומגעקוקט. איר ליבסטער איז געשלאָפן אַן׳אָנגעטרונ־קענער פון גענוס און עקסטאַז.

— אָבער מער וועל איך שוין די ליפן נישט קושן! —

האָט זי זיך לייכט אַראָבגעבויגן איבער זיינע האַלב אָפענע ליפן — קיינמאָל. שוין נישט קושן!

זי האָט ווייטער געטראַכט:

— מאָרגן וועט ער גיין אין האָפבורג, צו זיין ווייב

סטעפאַניע. דאָס פֿאָלק וועט שאַלן: טראַנספּאָלגער! און דער־נאָך — קייזער רודאָלף! און איך, קליינינקע מאַריע וועט־סעראַ, וועל אויסגעהן און וועלקן אין מיין עלנד ווינקל. די דאַזיגע נאַכט פֿון עקסטאַז וועט שוין קיינמאָל נישט צו־ריקקעהרן! גרויקייט און גרויקייט וועט הערשן אַרום מיר!

זי איז אַראָב פֿון בעט, צוגעגאַנגען צו אירע קליידער און אַרויסגענומען דאָס פֿלעשעלע מיט סם. זי האָט עס בא־טראַכט און אַ לייטזעליגער שמייכל האָט זיך בעוויזן אויף איר געזיכט. זי האָט זיך נאָכאַמאָל אַוועקגעלייגט נעבן רו־דאָלפֿן און אים פֿאַרזיכטיג און לייכט אַרומגענומען, כדי ער זאָל זיך נישט אויפֿכאַפּן. זי האָט אים געקושט אין די אויגן און די ליפּן און שטיל געשעפּטשעט:

— זיי געזעגנט דו, רודי, מיין טייערער טראַנספּאָלגער! דו צוקונפֿטיגער מאָנאַרך פֿון דער אימפּעריע!

מיט איין האַנד האָט זי אים פֿעסט אַרומגעהאַלזט און מיט דער אַנדערער האַנד האָט זי אַנגענומען דאָס פֿלעשעלע. מיט איין גרויסן שלינג האָט זי אויסגעטרונקען דעם סם.—

— — — — — — — —

אין צימער האָט געהערשט אַ טויט־שטילקייט. רו־דאָלף האָט זיך אויפֿגעכאַפּט. ער האָט אויפֿגעעפֿנט די אויגן און דערזעענדיג נעבן זיך ליגן זיין געליבטע פֿרוי, האָט ער פֿון פֿרייד אַ שמייכל געטון. ער האָט זיך צוגעבויגן צו אירע אָפֿענע ליפּן און אַ קוש געטון.

אָבער פּלוצלונג איז ער אָבגעשפּרונגען.

— מאַריע! מאַריע! — האָט ער ספּאַזמאַטיש אַ רוף געטון. אַ מיסטישער ווידערקול האָט אים אָבגעענטפֿערט. מאַריע האָט זיך נישט גערירט. ער האָט אויפֿגעהויבן איר קאָפּ, וועלכער איז צוריק אַנידערגעפֿאַלן, ווי אַן'אונטערגע־האַקטער בוים. ער איז אַראָבגעשפּרונגען פֿון בעט און דאָ האָט ער דערזעהען אויף דר'ערד דערנעבן ליגן אַ ליידיג פֿלע־שעלע. ער האָט איבערגעלייענט דעם אויפֿשריפֿט: ציאַן־קאַלי!

ער האָט זיך אָנגעכאַפּט פאַר'ן קאָפּ, די אויגן זענען אים אַרויס אין דרויסן, ער האָט שווער געאָטעמט און זיין גאַנצער קערפּער האָט זיך געוואָרפן, ווי אין קאָנוואולסיע.

פּלוצלונג האָט ער בעמערקט אַ ווייסע זאַך אויפ'ן טיש: אַ שטיקל ווייס פּאַפּיר. ער האָט עס געכאַפּט מיט ציטערדיגע הענד און אַדורכגעלייענט:

„טייערע מאַמע! ער, האָט געגעבן דעם קייזער אַ שבועה, אַז ער וועט מיך פערלאָזן. אָן אים קאָן איך נישט לעבן. איך שטאַרב דעריבער מיט דער העכסטער פרייד!"

מאַריע".

ער האָט צען און צוואַנציג מאָל אַדורכגעלייענט די דאָזיגע שורות. ער האָט פערשטאַנען זייער בעדייטונג. צו־ליב אים איז דאָס דאָזיגע וואונדערליכע ווען אַוועק פון דער וועלט. איצט ערשט האָט ער דערפילט ווי שטאַרק, ווי טיף־ערנסט ער האָט זי ליב געהאַט. ערשט איר טויט האָט אים אויפגעדעקט דעם טראַגישן סוד פון זיין ליבע צו דעם דאָזיגן זעלטענעם וואונדער־מיידל. ניין, איצט וועט ער אָן איר נישט קאָנען לעבן! נישט דער טראָן, נישט דער טיטל אימפּעראַטאָר, נישט דאָס יובלען פון מיליאָנען וועלן אין אים נישט קאָנען דערשטיקן דעם גרויסן צער פון דער דאָזינער ליבע.

— זי איז אויסגעלייזט געוואָרן — מוז ער זיך אויך אויסלייזן! און ער האָט געטראַכט וועגן דעם זאַץ, וואָס ער האָט ערגיץ געלייענט: „די וואָס קאָנען זיך נישט ליב האָבן לעבעדיג, וועלן זיך ליב האָבן שטאַרבנדיג".

ער האָט אַרויסגענומען דעם רעוואָלווער, דעם־זעלבן רע־וואָלווער, מיט וועלכן ער האָט היינט דערהרג'עט באַלטאַצי. ער האָט זיך אויסגעצויגן אויפ'ן בעט נעבן דער טויטער מאַריע, נעבן דער איינציגער מאַריע. ער האָט זי אַרומגענו־מען און זיך צוגעטוליעט צו איר נאָך וואַרעמען נאַקעטן, טויטן קערפּער. דערנאָך האָט ער צוגעשטעלט דעם רעוואָל־

ווער צו דער שלייף און א צי געטון ביים ציינגל. ס'האט זיך דערהערט א קנאל. דער טראנספאלגער פון עסטרייך איז געלעגן טויט. — — — — — — — — — —

## עפילאג

אינדערפרי האט גראף האיאס אנגעקלאפט אין חו־דאלפס שלאפצימער און זעהענדיג, אז אויף זיין ענערגיש קלאפן עפנט מען נישט די טיר, האט ער צוזאמען מיט'ן פירשט קאבורג אויפגעריסן די שווערע, מאסיווע טיר.

פאר זייערע אויגן האט זיך פארגעשטעלט פאלגנדיג בילד:

ביידע פערליבטע זענען געלעגן טויט, פעסט ארומגע־האלזט. זייערע קערפערס זענען שוין געווען קאלט. זייערע ליפן זענען געווען פעסט איינגעקלאמערט איינע אין די אנדערע.

אין דריי שעה ארום (דעם 31־טן יאנואר 1889) האבן דעפעשן אין דער גאנצער וועלט איבערגעגעבן, אז דער „עסט־רייכישער טראנספאלגער איז פלוצלונג געשטארבן פון א הארץ־שלאג".

מאריע וועטסערא איז נאך דעמזעלבן טאג אין געהיים בעגראבן געווארן און אויף איר קבר האט מען א לענגערע צייט אפילו קיין מצבה נישט געלאזט שטעלן.

די לויה פון קרוינפרינץ איז פארגעקומען מיט קעניג־ליכן פאראד. הונדערטער טויזנדער האבן אנטייל גענומען אין דער דאזיגער פראצעסיע.

אבער וועגן די טראגישע סיבות פון זיין טויט האבן דאמאלסט ווייניג געוואוסט. ערשט שפעטער, אין יארן ארום, זענען א סך זאכן אויפגעקלערט געווארן.

אזוי האבן טראגיש געענדיגט דער פערליבטער קרוינ־פרינץ און די וואונדערשעהנע מאריע וועטסערא.

---

# אויפגאַבן און רעטענישן

## אויפגאַבע נר. 1

1. ר — — — — x
2. ר — — — — x
3. ר — — x
4. ר — — x
5. ר — — x
6. ר — — x
7. ר — — — — x
8. ר — — — — x
9. ר — — x
10. ר — — x
11. ר — x
12. ר — — x
13. ר — — — — x

### בעדייטונג פון די ווערטער:

1. אַנדערש: אַ שומר, לייען פערקערט; 2. געוועזענער דיקטאַטאָר פון שפּאַניע; 3. רוסישע מטבע; 4. דאָס וואָס ס'בלייבט איבער; 5. הויפּט־שטאָט פון לעטלאַנד; 6. אַ טייל פון דער וואַסערלייטונג; 7. בערימטער דייטשער מלחמה־שרייבער; 8. אַנדערש: אַ גזלן; 9. געוו. סיים־מאַרשאַלעק אין פּוילן, וויטאָסעס רעכטע האַנט; 10. נאַציאָנאַלע שפּייז פון די כינעזער; 11. וואָס אַן'אַרטיסט פירט אויס; 12. טיילווייזע צאָלונג; 13. אַנדערש: אַ שופט.

די לעצטע אותיות, געלייענט פון אויבן אַראָפּ, וועלן געבן דעם צונאָמען און פאַמיליען־נאָמען פון אַן'אַמעריקאַנער מיליאָנער, וועמענס לעבענס־געשיכטע עס איז בעשריבן אין ביכל נר. 2 „אַמעריקאַנער מיליאָנערן".

# אויפגאַבע נר. 2




לייגט צונויף די פיגור אזוי, אז מיט איין שניט פון דער שער זאל מען פון איר קענען צוזאמענשטעלן א קוואדראט.

צווישן די לעזער, וואס וועלן צושיקן ריכטיגע לעזונגען פון ביידע אויפגאבן, וועט געווארפן ווערן א גורל אויף דער גרויסער פרעמיע 50 זל. מזומן געלד.

צווישן אלע, וואס וועלן צושיקן כאטש איין ריכטיגע לעזונג וועלן פערטיילט ווערן דורך א גורל פאלגנדע פרעמיעס:

5 פרעמיעס צו 10 זל.
5 „ האלב־יערליכער אבאנאמענט.
פון „גר. ביבליאטעק"
9 „ פערטל־יערל. אבאנאמענט.

צוזאמען 20 פרעמיעס אין דער אלגעמיינער ווערט פון 133.70 זל.

דער לעצטער טערמין צוצושיקן די ענטפערס איז דעם 26 פעברואר 1930. מאסגעבנד איז די דאטע פון פאסט־סטעמפל.

צדרעס פאר בריף:

Groszen Bibljotek
. Konkurs
WARSZAWA
Sk. pocz. 178

דער דאָזיגער קופּאָן דאַרף בייגע־לעגט ווערן צו די לעזונגען

אויפגאבן און רעטענישן
קופּאָן נר. 1
נאמען .................................
שטאדט .................................

סטאַנלײ האָפּקינס

# געניאַלע סיפיליטיקער

№ 4.

„זימן־סעריע"

פערלאַג „גראָשן־ביבליאָטעק"

1930 װאַרשא

## פאָרוואָרט.

דאָס האָזיגע שרעקליכע וואָרט: סיפיליס, מאַכט אויפשוידערן יעדן איינציגן מענש. אויב וועגן אַנדערע שרעקליכע פּלאָגן פון דער מענשהייט, ווי ראַק, שווינדזוכט — ערלויבט מען זיך צו רעדן פריי, מען שעמט זיך קיינער נישט דערמיט, ווערט סיפיליס גערעכנט פאַר אַ שאַנדפלעק און אַלע וויכן פון דעם קראַנקן נישט נאָר בלויז צוליב דער מורא זיך אַנצושטעקן, נאָר אויך צוליב זיין זינדיגקייט, זיין בלומרשטער געפאַלנקייט.

עס געהען אַרום אין אייראָפּא און אַמעריקא הונדערטער טויזנדער מענשן, וועלכע געפינען זיך אין די נעגל פון דער דאָזיגער שרעקליכער קראַנקהייט, אָבער זיי היטן זיך פאַר דעם אַרום, פאַר זייער סביבה, זיי שעמען זיך. וואָס איז דער פועל־יוצא דערפון? אַ קלאָרער און זעלבסטפערשטענדליכער פאַר יעדן: די קראַנקהייט פערשפרייט זיך צוליב דעם ווייטער און ווייטער. דער קראַנקער סיפיליטיקער וויל אויסמיידן דעם שאַנדפלעק, די חרפה. דערווייל פערברענגט ער ווייטער אין דער געזעלשאַפט, האָט בעציהונגען מיט פרויען, האָט חתונה, ברענגט אַ קראַנקן דור אויף דער וועלט — און די שרעקליכע פעסט שפּרייזט פאָרויס איבער די לענדער פון ציווילזירטע און נישט ציוויליזירטע פעלקער!

די דאָזיגע קראַנקהייט ווערט אַזוי זאָרגפעלטיג פון יעדן איינעם געהאַלטן, אַז אַ פאָטער ווייסט נישט וועגן זיינע קינדערס ליידן און קינדער וועגן דעם פאָטערס ליידן. און די משפחה וואוינט און לעבט צוזאַמען. פערשטעהט זיך, אַז די קראַנקהייט ברענגט דעריבער שרעקליכע פּאָלגן.

פון סיפילים זענען נישט פריי יונג און אלט, גרויס און קליין. ס'האט עמיצער געקאנט בלייבן זיין גאנץ לעבן ריין, ווי א טויב, נאר איין און איינציג מאל בעהעפטן זיך מיט א פרוי און פערבלייבן אנ'אונגליקליכער אויף זיין גאנץ לעבן. דער זינדיגער, ווי דער נישט זינדיגער, דער גאון, ווי דער דורכשניטליכער מענש — אלע זענען אויסגעשטעלט אויף ארייננפאלן אין דעם גהינום פון דער דאזיגער קראנקהייט, וועלכע מאטערט אוים זיינע לעבנס־זאפטן במשך פון צוואנ־ציג און אפילו פינף און צוואנציג יאר.

גאונים, גרויסע מענשן? אויך צווישן זיי זענען געווען אזעלכע אונגליקליכע סיפיליטיקער? יא, אויך זיי! ס'איז נאר שווער געווען דאס פעסטצושטעלן. ווייל אויב א געוועהנ־ליכער בשר־ודם בעהאלט זיך מיט דער דאזיגער קראנקהייט בחדרי־חדרים — וואס דארף שוין טון דער גאון? און נישט בלויז ער, נאר זיינע פערערער בעמיען זיך נישט צו לאזן ווארפן א שאטן אויפן אמת'ן, נאקעטן לעבן פון גאון, פון גרויסן מענש. זיי הילן אים איין אין לעגענדעס, אין שעהנע פאנ־טאזיעס און ווילן נישט פערשטעהן, אז א גאון האט דאס זעלבע פלייש און בלוט, ווי יעדער איינער מענש און דעריבער קאן ער אויך ווערן א קרבן פון דער שרעקליכער קראנקהייט סיפילים.

ערשט אין די לעצטע יארן איז דורך פערשידענע דאקו־מענטן און מעדיצינישע אויספארשונגען געלונגען פעסטצו־שטעלן דעם אמת, אז א סך אייראפייאישע גרויסע פערזענ־ליכקייטן האבן געליטן פון דעם סיפיליטישן אומגליק. פער־שטעהט זיך, אז זייער גרויסקייט ווערט צו־ליב דעם אויף א האר נישט געמינערט, עס ווערט נאר גרעסער זייער טראגעדיע, זייער לעבן ווערט א לעבן פון מערטירער.

אין דער ערשטער רייע ווילן מיר דא געבן פאר אונזערע לעזער א ציקל פון פינף גרויסע געשטאלטן, וועלכע האבן, נישט קוקנדיג אויף זייערע קערפערליכע יסורים, דאך אזויפיל

גוטס זאָון שלעכטס אויפגעטון פאַר דער מענשהייט און בע־
דעקט זייער נאָמען מיט רום אויף אַלע דורות אַרויס.

די דאָזיגע געשטאַלטן זענען: דער געניאַלער מלחמה־פי־
רער נ אַ פּ אָ ל ע אָ ן, דער גאונישער מוזיקער ב ע ט ה אָ ו ע ן,
דער גרעסטער לירישער דיכטער פון אַלע צייטן ה ַי נ ר י ך
ה י י נ ע, דער שייגגייסט פון אייראָפּע אָ ס ק אַ ר א ו א י י ל ד
און דער דיקטאַטאָר פון איטאַליען ב ע נ י ט אָ מ ו ס אָ ל י נ י.

## „דער קליינער קאַפּראַל"

ס'איז אַ הייסער יוני־טאָג פון יאָר 1800. אויף די מישו־
פעים פון איינעם פון די העכסטע באַרג־שפּיצן אין די אַלפּן,
פון סאַן־גאָטאַרד, געהט אָן אַ שרעקליכע שלאַכט. אויפן סאַמע
הויך געפינט זיך די עסטרייכישע אַרמעע און שליידערט מיט
פייער, אַז די פעלזן אַרום ציטערן. אונטן געפינט זיך די פראַנ־
צויזישע אַרמעע, וועלכע וויל פאַר יעדן פּרייז אַריבערגעהן דעם
באַרג־שפּיץ.

עס געהט אַ בלוטיגער געראַנגל אויף לעבן און טויט.
גאַנצע קאָלומנעס פראַנצויזיש מיליטער הראַפּען זיך אַרויף
צום שפּיץ, זיי ווערן אָבער אַראָבגעשליידערט און צעפּערטלט
פון דעם שרעקליכן האַרמאַטן־פייער. הונדערטער זעלנער פאַלן
צוריק צושמעטערטע אָן די קאַנטיגע באַרג־פעלזן.

— דער אַרויפגאַנג איז אוממעגליך! — שרייען די זעל־
נער. — מיר וועלן אַלע דאָ אומקומען אונטער דעם הוראַגאַן־
פייער, וואָס די עסטרייכער שיטן אויף אונז פון דער הויך!—

די גענעראַלן זענען פערצווייפלט. זיי זעהען אויך, אַז
ס'איז אַן אוממעגליכע זאַך בייצוקומען דעם דאָזיגן באַרג־שפּיץ.
די עסטרייכער אין דער הויך פערמאָגן אַ סך אַמוניציע. אָבער
דאָס איז נאָך נישט דער עיקר.

די הויפּט־זאַך בעשטעהט דערין, וואָס זיי געפינען זיך
אין דער הויך, בעשיצט פון די פעלזיגע ווענד און קאָנען פראַנק
און פריי אַראָבשיסן — דאַגעגן די פראַנצויזן געפינען זיך אויף

די משופּעדיגע וועגנד און יעדע בעוועגונג דראָט מיט אַראָפּ־
געשליידערט צו ווערן אין אַן׳אָבגרונד.

— וואָס טוט מען? — בעראָטן זיך די גענעראַלן. —
מיר דאַרפן אים זאָגן, דערצעהלן, אַז דאָס מיליטער קאָן נישט
אַרויפגעהן, אַז ס׳איז אַן׳אוגזין צו קעמפן. מען מוז אָבטרעטן,
נישטאָ קיין אַנדער אויסוועג.

— וואָס רעדט איר? — רופט זיך אָב גענעראַל מאַסע־
נאַ, — איר מיינט, אַז ער וועט וועלן פון עפּעס ענליכעס הערן?
ער ווייסט נישט פון דעם וואָרט: אָבטרעטן! מיר מוזן קעמפן
ביז צום לעצטן זעלנער!

— דאַן איז דער קאַמף פערשפּילט! — האָבן זיך אָנ־
גערופן אַלע גענעראַלן. — מיר מוזן אים זאָגן דעם גאַנצן
אמת. ער שטעלט צופיל אויף זיך!

די צאָל פון די געהרגעטע און פערוואונדעטע איז גע־
וואקסן פון מינוט צו מינוט. די אַרמעע האָט זיך נישט גע־
רוקט אויף קיין איין טריט. די לאַגע איז געוואָרן ערנסט.

אין דער זייט פון וועג, אויף אַ שמאָלער סטעזשקע, איז
זיך געריטן אויף אַ ווייס פערד אַ נידעריגער, דיקליכער גע־
נעראַל. ער האָט געטראָגן אַ דריי־קאַנטיגן הוט, וועלכער איז
געלעגן אַראָפּגערוקט כמעט ביז צו די אויגן. ער האָט געהאַלטן
אַ שטיקל פּאַפּיר אין דער האַנד און נערוועז געצייכנט דע־
רויף מיט אַ בלייפעדער. אַלע ווילע איז צוגעלאָפן אַן׳אַדיו־
טאַנט, וועלכן דער דיקליכער גענעראַל האָט אַרויסגעגעבן בע־
פעלן.

פּלוצלינג האָט זיך צו אים דערנעהנטערט איינער פון די
גענעראַלן און געזאָגט מיט אַ הויך קול:

— ערשטער קאָנסול פון פראַנקרייך, די זעלנער וועלן
דעם באַרג־שפּיץ נישט דערגרייכן, דאָס פייער פון שונא הערט
נישט אויף. מיר מוזן זוכן אַן׳אַנדער וועג.

דער גענעראַל מיטן דרייקאַנטיגן הוט האָט צאַרניג אַ
בליק געטון אין דער זייט, געשוויגן אַ וויילע און געפרעגט:

— מיינע זעלנער ווילן נישט קעמפן?

— יאָ, אָבער... זיי וועלן אַלע אויסגעהרגעט ווערן! מיר וועלן דעם סאַן־גאָטאַרד נישט נעמען.

— אַזוי? המ... — האָט ער אַ ברום געטון און, אַריינשטעקנדיג אין די זייטן פון פערד די שפּאָרן, איז ער במשך פון דריי מינוט געווען אין מיטן פון דעם שרעקליכסטן פייער.

— פראַנקרייכס זעלנער! — האָט ער אַ געשריי געטון, — דער סאַן־גאָטאַרד דאַרף ווערן גענומען נאָך היינטיגן טאָג!

די זעלנער און אָפיצירן זענען געבליבן פערצווייפלטע און אַבהענגדיגע. דאָס איז אַ זיכערער טויט! — האָבן אַלע געמורמלט.

— ס'איז אוממעגליך, אוממעגליך! — האָט ער געהערט אַ סך שטימען.

דאַן איז דער דאָזיגער נידעריגער גענעראַל מיטן דרייקאַנטיגן הוט שנעל אַראָבגעשפּרונגען פון פערד און צוגערופן איינעם פון די סאַפּערן־זעלנער:

— הער נאָר, מיין טייערער, — האָט ער שטרענג בעפוילן, אָבער אין זיין טאָן איז געווען ווייכקייט און ליבע, — נעם דיין לאָפּאַטע און גראָב שנעלער אויס אַ גרוב!

אַלע גענעראַלן, אָפיצירן און זעלנער זענען געבליבן שטעהן פערוואונדערט. קיינער האָט נישט פערשטאַנען דעם דאָזיגן משוגנהדיגן בעפעל.

אין פופצן מינוט אַרום איז געווען אויסגעגראָבן אַ גרוב. דער נידעריגער גענעראַל איז אַריינגעשפּרונגען אינעווייניג, זיך אויסגעצויגן און אַ בעפעל געטון:

— פערשיטן! תיכף פערשיטן! אויב מיינע זעלנער געהען נישט מיט מיר, איז מיין לעבן אויסגעשפּילט!

די דאָזיגע סצענע האָט אַריינגעבראַכט די זעלנער אין אַזאַ בעגייסטערונג, אַז במשך פון צוויי שעה איז דער שפּיץ־באַרג סאַן־גאָטאַרד גענומען געוואָרן מיט שטורם.

דער נידעריגער גענעראַל איז געווען דער דאַמאָלסדיגער ערשטער קאָנסול פון פראַנקרייך, דער שפּעטערדיגער קייזער, דער עראָבערער פון גאַנץ אייראָפּאַ, פון עגיפּטן און פּאַלעס־

טינאַ, דער פערשיקטער אויף דער אינזל סאַנקט־העלענאַ — נאַפּאָלעאָן באָנאַפּאַרט.

אומעטום, אויף אַלע שלאַכט־פעלדער, האָט אים מיטבאַ־גלייט די שרעקליכע קראַנקהייט סיפּילים, אָבער ער האָט זי פערהוילן פון דער וועלט, אפילו זיינע נאָנטע פרויען האָבן דערפון נישט געוואוסט. בלויז די דאָקטוירים, וועלכע האָבן אים געהיילט, בעזונדערס דער דאָקטאָר אַנטאָמאַרשי, וועל־כער האָט אים געהיילט אויפן אינזל סאַנקט־העלענאַ, ווייסן צו דערצעהלן, אז דער וועלט־בעזיגער איז אַליין בעזיגט גע־וואָרן פון דער שרעקליכער סיפּיליס־קראַנקהייט.

כדי זיך איבערצייגן אין דער וואַרשיינליכקייט פון דעם דאָזיגן פאַקט, איז גענוג צו דערצעהלן, אַז אין די לעצטע יאָרן פון זיין קראַנקהייט אויפן פערשיקונגס־אינזל, האָבן די דאָקטוירים נאַפּאָלעאָנען געהיילט מיט קוועקזילבער, אַ מיטל וואָס ווערט אָנגעווענדעט נאָר לגבי סיפּיליטיקער.

אָבער לאָמיר אַ בליק טאָן אין דעם גרויסן און רייכן לעבן פון דעם „קליינעם קאַפּראַל", ווי זיינע זעלנער פלעגן אים רופן.

אין דער הויפּט־שטאָט פון דעם פעלזיגן אינזל קאָרסיקאַ, אין איאַטשיאָ, איז דער צוקונפטיגער קייזער געקומען אויף דער וועלט. דעם פופצנטן אויגוסט 1769, איז ער געבוירן געוואָרן אַלס צווייטער זון פון אַן אָרימען אדוואָקאַט שאַרל באָנאַפּאַרט.

זיין יוגנד איז געווען אַ שווערע. ער האָט אָבער שוין פון קינדהייט אויף אַרויסגעוויזן פערהאַרטעוועטקייט און פערמאָגט אַן אייזערנעם ווילן. ער טרוימט וועגן אַ מיליטערישע קאַר־יערע. ער וויל בעפעלן און זיגן. נישט געקוקט דערויף, וואָס ער פירט אַ בעשיידן לעבן און ער דאַרף טראַכטן וועגן תכלית, זאָגט ער זיך אָב פון אַלע תכלית־פלענער און אַלס 16־יע־ריגער בחור טרעט ער אַריין אין דער פּאַריזער מיליטערישער אקאַדעמיע.

ער איז דאָ דער בעסטער תלמיד. זיין פאַנטאַזיע מאָלט אים שוין בילדער, ווי ער פירט גאַנצע חילות צום קאַמף. ער שלאָפט נישט גאַנצע נעכט און אַרבייט איבער פערשידענע סטראַטעגישע פּלענער. זיין מוח איז בעהערשט פון ריזן־פּלענער, וועלכע דער יונגער באָנאַפּאַרט בעהאַלט טיף אין דער נשמה און נעמט זיי אַרויס פון זיין זכרון־אַרכיוו ערשט דאַמאָלסט, ווען ער ווערט בעפעלער איבער מיליאָנען.

די מיליטערישע אַקאַדעמיע ענדיגט ער מיט דער בעסטער אויסצייכנונג. ער ווערט צוגעטיילט אַלס אָפיציר פון אַנ־אַרטילעריע־פּולק אין דער שטאָט וואַלאַנס. אָבער דאָ פירט ער אַ גרוי קאַזאַרמע־לעבן. ער האַלט זיך קוים אויס פון דער קליינער אָפיצירן־פּענסיע. אים איז דאָ ענג, ער קאָן נישט זיצן מיט פערלייגטע הענד, ער דאַרף טון, בעפעלן, אויספירן פּלענער. דאָס אומרוהיגע בלוט קאָכט אין אים.

און אָט קומט די געלעגנהייט. ווען די מאָנאַרכיסטן פער־מאַכן זיך אין דער שטאָט טולאָן, פירנדיג פון דאָרטן אַ צושטע־רונגס־אַרבייט געגן דער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג, ווערט דער יונגער נאַפּאָלעאָן געשיקט צו דערשטיקן די דאָזיגע מאָנאַר־כיסטישע פּרוּוון. דער קאָרסיקאַנער אָפיציר לעבט אויף. אָט דאָ וועט ער האָבן די געלעגנהייט צו בעלאַגערן אַ שטאָט, צו פירן אַנ׳אמתע מלחמה! מיט אַנ׳אָבטיילונג אַרטילעריע פערשאַנצט ער זיך אַרום דער שטאָט. אַ דאַנק עטליכע קלוגע, סטראַטע־גישע איינפאַלן זיינע, גיבן זיך ענדליך די ראָיאַליסטן אונ־טער. מיט אַ זיגערישן מאַרש טרעט דער יונגער אָפיציר אַריין אין דער פאָרט־שטאָט פון דרום־פראַנקרייך. ער איז פערשיכורט פון זיין נצחון. ער פילט, אַז זיין גרויסער וועג פון לאָרבער־קרענץ האָט זיך אָנגעהויבן.

טולאָן איז געווען זיין ערשטער נצחון, אָבער אויך זיין ערשטע טראַגישע מפּלה. אין דער דאָזיגער פאָרט־שטאָט זענען פונאַנדערגעוואָרפן אַ סך פרעהליכע צוזאַמענקונפטס־הייזער. פאַרוואָס האָט ער נישט געזאָלט אויך געניסן פון ליבעס־געניוס, פון וואַרימע פרויען־גלידער? ביז איצט האָט ער געלעבט, ווי

א נזיר, בלויז געווען אריינגעטון אין מיליטערישע סטודיעס. אָבער איצט, נאָכן ערשטן נצחון, ווען זיין נאָמען הויבט אָן צו ווערן בערימט — פאַרוואָס נישט טרינקען פון בעכער פון גליק, פאַרוואָס נישט דערפרעהען די נשמה מיט הייסע קושן?

און ער לאָזט זיך אראָב אין די נידעריגע געסלעך פון טולאָן. יעדע אייגנע פרוי האָט מיט חשק אויפגענומען דעם יונגן, לעבנסלוסטיגן זיגער. דער 24־יעריגער אָפיציר האָט אַבגעלאָזט די לייטישן פון זיין הייסן טעמפעראמענט און דריי טעג און דריי נעכט האָט דער קאָרסיקאַנער אָפיציר פערברענגט אין דער געזעלשאַפט פון פרויען פון לייכטער אויפפירונג.

דער סיפילים־גיפט איז אריין אין זיין אָרגאַניזם און בים־לעכוויז אנגעהויבן צו בעזיגן זיין קערפער. געגן דער דאָזיגער געפאַר איז זיין סטראַטעגיע געווען אָנמעכטיג. דאָ האָט ער זיך געמוזט אונטערגעבן, נישט ווייסנדיג אליין אַ לענגערע צייט, אַז זיין אָרגאַניזם איז פערסמט פון דעם שרעקליכן סיפילים.

ער האָט צוויי מאָל חתונה געהאַט. זיין צווייטע פרוי, די עסטרייכישע קרוינפרינצעסין, מאַריע לואיזע, האָט אים געבוירן אַ זון, ס'האָט געזאָלט זיין אַ נאַפּאָלעאָן דער צווייטער. אָבער דאָס דאָזיגע קינד, וועלכעס איז שפּעטער ערצויגן געוואָרן אין עסטרייכישן הויף, איז געווען אַ שוואַכס און קראַנקס און איז צו צוואַנציג יאָר געשטאָרבן. פאַרוואָס? ס'איז געווען אַ קינד פון אַ סיפיליטיקער.

ווי מיר זעהען, האָט דער נצחון אין טולאָן דעם קאָרסי־קאַנער אָפיציר געקאָסט זעהר טייער. אָבער ער האָט וועגן דעם נישט געוואוסט. און ווען ער האָט זיך דערוואוסט, איז שוין געווען צו שפּעט.

אין יענער צייט בעקענט ער זיך מיט אַ פרוי, צו וועלכער ער הויבט אָן צו פילן אַ פלאַמיגע, ליידנשאַפטליכע ליבע. זי בלייבט צו זיין ליבע קאַלט, אָבער דאָך איז זי מסכים מיט אים חתונה צו האָבן. זי ווייסט, אַז זיין קאַריערע וואַקסט, אַז זי קען דערגרייכן צו די העכסטע שטאַפּלען.

זשאָזעפינע באָהאַרנע איז געווען אַ שעה־

נע, שלאַנקע פרוי, פול מיט קאָקעטישן רייץ. אירע גרויסע, בלויע אויגן, אירע פרעכטיגע, גרויסע ברעמען, אירע זיידענע קאַשטאַן־האָר, איר טונקל־מאַט געזיכט האָבן ממש פערכישופט דעם ברויזנדיגן נאַפּאָלעאָן. זיינע בריף צו איר במשך פון זעקס־זיבן יאָר, ווען זי איז געווען זיין געזעצליכע פרוי, זענען פול מיט הייסער ליבע און ליידנשאַפט. זי איז געווען אַן׳אַלמנה נאָך אַ גענעראַל און ווען נאַפּאָלעאָן האָט זי בע־קענט, איז זי אַלט געווען צוויי און דרייסיג יאָר, מיט זעקס יאָר עלטער פון אים.

זי האָט אים פולשטענדיג בעהערשט. ער האָט געקאָנט בעזיגן גאַנצע אַרמעען, אויף זיין בעפעל זענען טויזנדער גע־גאַנגען אין די אָרעמס פון טויט — און איין בליק פון זשאָ־זעפינען האָט געמאַכט אונטערטעניג דעם מעכטיגן באָנאַפּאַרט!

דעם 9־טן מערץ 1796 האָט ער מיט איר חתונה גע־האַט און צוויי טעג נאָך דער חתונה מיט דער געליבטער פרוי, איז ער בעשטימט געוואָרן אַלס הויפּט־אָנפירער פון גאַנצן איטאַליענישן פראָנט און תיכף געמוזט אָבפאָרן פון פּאַריז.

ער האָט אָבגעשטופּט די עסטרייכער ביז טיראָל. און דער דאָזיגער געוואַלדיגער נצחון האָט אַזוי בערימט געמאַכט זיין נאָמען אין גאַנצן לאַנד, אַז ווען ער איז צוריקגעקומען קיין פּאַריז, האָט אים אַ הונדערט־טויזנד־קעפּיגער המון גע־טראָגן אויף די הענד און אים ענטוזיאַסטיש בעגריסט. ער איז געוואָרן דער אָבגאָט פון דער מאַסע און אומעטום, אין אַלע ווינקעלעך האָט מען געהאַלטן אין איין רעדן וועגן די וואונדערליכע נצחונות פון דעם „קאָרסיקאַנער“.

אָבער גלייכצייטיג מיט די שלאַכטן־אויפן פראָנט האָט זיין פלאַמענדיגע נשמה געפירט אַ קאַמף מיט זיין פרוי זשאָ־זעפינע. ער האָט געבראָויזט, ער איז געווען אַ שטיק לאַווע און זי האָט בלויז קאָקעטיש געשמייכלט און געפלירטעוועט מיט אַ סך פון זיינע אָפיצירן.

פון דעם פאָלגנדן בריף צו איר קאָנען מיר זעהען, ווי וואַנזיניג ער האָט זי ליב געהאַט:

„דער טאָג, אין וועלכן דו וועסט מיר זאָגן: „איך האָב דיך ווייניגער ליב", וועט בלייבן אָדער דער לעצטער טאָג פון מיין געפיל, אָדער פון מיין לעבן... זשאָזעפינע, זשאָזעפינע — געדענק, וואָס איך האָב דיר אמאָל געהאַט געזאָגט, אַז די נאַטור האָט מיר געגעבן אַ פעסטן כאַראַקטער, אַן אייזערנעם ווילן און דיך האָט די נאַטור בעשאַפן פון גאַזע און שפּיצן. צי וועסטו מיך אויפהערן ליב צו האָבן? אָ, זיי מיר מוחל, טייערסטע! מיין שכל ווערט פערמישט, איך רעד נאַרישקייטן! מיין הארץ איז איבערגעפולט בלויז מיט דיר, אָט דאָס זעלבע הארץ, וואָס ליידט אזוי פיל און מאַכט מיך אומגליקליך. איך בענק נאָך דיר, איך וואַרט אויף דיר! אויף דיינס אַ בריף!".

אָט אָזעלכע ווערטער צו אַ פרוי, צו זיין אייגן ווייב, שרייבט נישט קיין אַכצניעריגער, פערליבטער בחור, נאָר דער עראָבערער פון עגיפּטן, דער מאַכטהאָבער פון אייראָפּאַ, דער זיגער ביי אויסטערליץ.

איז ער נישט גערעכט געווען, נאַפּאָלעאָן, ווען ער האָט געזאָגט, אַז די שווערסטע שלאַכט איז די שלאַכט מיט דער פרוי?...

און מיר וועלן נאָך האָבן די געלעגנהייט צו זעהן, אַז נישט נאָר איין שלאַכט אַזעלכע איז אים אויסגעקומען צו פירן אין זיין לעבן, ס'זענען געווען פערשידענע זייטיגע, קליינע ליבעס און דערנאָך די גרויסע, שעהנע ליבע מיט דער פוילישער גרעפין וואַלעווסקאַ.

דערווייל איז די אינערליכע לאַגע אין פראַנקרייך געווארן זעהר קריטיש. אין דעם רעוואָלוציאָנערן ראַט פון 500 זענען ענטשטאַנען רייבונגען. אַ טייל זענען אַרויסגעטרעטן געגן דעם ווילן פון גרויסן זיגער.

ער האָט זיך געפילט געטראָפן אין זיינע אַמביציעס און אין איין שעהנעם פרימאָרגן איז ער געקומען מיט מיליטער

און צוטריבן דעם רעוואָלוציאָנערן ראַט. אויף דער פראַגע פון די מיטגלידער פון ראַט:

— נאַפּאָלעאָן, וואָס טוסטו, דו טרעטסט דאָך אַרויס געגן דער רעוואָלוציע! —

האָט ער מיט אַ שאַרפן זשעסט געגעבן דעם פאָלגנדיקן היסטאָרישן ענטפער:

— די רעוואָלוציע — דאָס בין איך!

דער רעוואָלוציאָנערער דירעקטאָריאַט האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירן. נאַפּאָלעאָן איז געוואָרן דער פּאַקטישער דערהערשער פון לאַנד. ס'איז אפילו געשאַפן געוואָרן אַ רעגירונג פון דריי קאָנסולן: נאַפּאָלעאָן באָנאַפּאַרט, סיעס און דיקאָ. אָבער די גאַנצע מאַכט האָט געהאַט אין דער האַנט דער ערשטער קאָנסול, נאַפּאָלעאָן. ער האָט אַרויסגעגעבן געזעצן, ער האָט געפירט די גאַנצע אַרמעע פון יבשה און ים, ער האָט געשלאָסן שלום־טראַקטאַטן מיט די בעזיגטע פעלקער, ער האָט ערקלערט מלחמות. ער איז געוואָרן דאָס, וועגן וועלכן ער האָט געחלומט: אומבעגרענעצטער מאַכטהאָבער, דיקטאַטאָר פון פראַנקרייך.

פערשטעהט זיך, אַז דערצו האָבן אים צוגעהאָלפן זיינע געוואַלדיגע נצחונות איבער אַנדערע לענדער. ס'איז געגנוג צו דערמאָנען, אַז זיין מאַרש קיין עגיפּטן האָט בעדעקט זיין נאָמען מיט רום ניט נאָר אין פראַנקרייך, נאָר אין גאַנץ אייראָפּאַ. ווען ער איז מיט זיין אַרמעע צוגעקומען צו די פּיראַמידן, האָט ער אויסגעשריגן:

— סאָלדאַטן, פערציג יאָרהונדערטן קוקן אויף אייך פון דער הויך פון די דאָזיגע פּיראַמידן!

ס'האָבן אים ניט אָבגעשראָקן די זאַמדיגע מדבריות פון אַפריקאַ — גאַנץ עגיפּטן איז געלעגן צו זיינע פיס. און פון דאָרט איז ער געגאַנגען צו די טויערן פון יפו, קיין פּאַלעסטינאַ, אַריינגענעמענדיג דאָס לאַנד אין זיינע הענט.

האָבנדיג אין זיינע הענט אַזעלכע טראָפּעען, האָט ער זיך דערפילט שטאָלץ. ער האָט אויך געזעהן, אַז דאָס פאָלק

איז אויף זיין זייט און דעריבער איז ער געווען זיכער אין זיין אינערליכן נצחון.

ס'האָבן נישט געהאָלפן די אַטענטאַטן אויף אים מצד די ראָיאַליסטן (מאָנאַרכיסטן) און יאַקאָבינער (רעוואָלוציאָנערן). ער איז פון די אַטענטאַטן אַרויס אָן שום געפאַר און דאָס האָט נאָך מער צוגעגעבן מוט זיין אַמביציעזע נאַטור. ער האָט איצט בעשלאָסן צו מאַכן אַ שריט, וואָס האָט אַרויסגערופן אויפרודערונג אין גאַנץ אייראָפּאַ. ער האָט געוואָלט זיך פערזיכערן די הערשאַפט אין פראַנקרייך אויף דור דורות אַרוים, פאַר זיינע קינדער און קינדס קינדער. ער האָט בעשלאָסן זיך צו פּראָקלאַמירן אַלס קייזער.

אַזוי אַרום איז פון בעשיידענעם זון פון אַ קאָרסיקאַנער אַדוואָקאַט געוואָרן אימפּעראַטאָר און וועלט־בעפעלער. דער לעצטער לאָרבער־קראַנץ איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף זיין קאָפּ.

דעם 2־טן דעצעמבער פון יאָר 1804 איז אין דער אַלטער, פּרעכטיגער קירכע פון פּאַריז, אין דער בערימטער קאַטעדרע נאָטר־דאַם פאָרגעקומען די פייערליכע צערעמאָניע פון פּראָקלאַמירן דעם „קליינעם קאַפּראַל“ אַלס צעזאַר פון פראַנקרייך. די פייערונג איז פאָרגעקומען מיט דער גרעסטער פּראַכט און גלאַנץ, ביי דער אָנוועזנהייט פון פּויבסט גופא, פון דעם זעלבן פּויבסט, פּיוס דעם זיבעטן, וועלכן נאַפּאָלעאָן האָט שפּעטער פערטריבן און איינגענומען זיין מלוכה. צוזאַמען מיט נאַפּאָלעאָנען האָט אויך אָנגעטאָן די קייזערין־קרוין אויפן קאָפּ זיין ווייב, זשאָזעפינע. זי האָט איצט געקאָנט זיך איבערצייגן, אַז איר חתונה מיט דעם יונגן אָפיציר האָט געלוינט, אַז פון אַ פּשוטער בירגערין איז זי דערהויבן געוואָרן צו דעם העכסטן טיטול, צו דער העכסטער מאַכט: קייזערין!

אָבער דעם ניי־געקרוינטן קייזער האָט איצט געפעהלט איין זאַך: אַ זון, וועלכער זאָל ירשענען דעם טראָן. זשאָזעפינע, וועלכע האָט מיט איר פריערדיגן מאַן געהאַט צוויי

קינדער, האָט נאַפּאָלעאָנען נישט געשענקט קיין קינדער. זי האָט אים אפילו אַ סך מאָל איינגערעדט, אַז זי איז שוואַנגער. ווען ער פלעגט פערברענגען אויף די שלאַכטפעלדער אין איי־ראָפּאַ, האָט ער מיט אונגעדולד געוואַרט אויף אַ פרעהליכע בשורה. זי האָט אים אַ סך מאָל געשריבן, אַז זי גרייט זיך צו ווערן אַ מוטער, אָבער דערנאָך האָט ער זיך איבערגעצייגט, אַז זי נאַרט אים.

דאַמאָלסט האָט שוין די שרעקליכע קראַנקהייט בע־וויזן אירע ערשטע סימנים. ער קלאָגט זיך פאַר זיינע דאָק־טוירים, אַז אויף זיין אַקסל ציען זיך אים אָפּט אויס קרעצלעך. ס'קאָן גאַנץ זיכער זיין, אַז ער האָט סוף כל סוף פערשטאַנען, אַז ער איז אַ קרבן פון דער דאָזיגער קראַנקהייט. דער דאָזיגער שרעקליכער געדאַנק האָט אים, אודאי, אריינגעברענגט אין פערצווייפלונג. ער האָט זיך געזעהען אַלס סיבה פון זיין ווייבס קינדערלאָזיגקייט. זי האָט דאָך יאָ געהאַט קינדער. הייסט עס, אַז ער איז דער שולדיגער.

אָבער, כדי צו זיין פולשטענדיג זיכער אין זיין שרעק־ליכער השערה, האָט ער בעשלאָסן זיך צו גטן מיט זשאָזע־פינע און חתונה האָבן מיט איינע פון די קייזערליכע טעכ־טער פון די אייראָפּעאישע הויפן. ער האָט שוין איצט געוואָלט מישן זיין בלוט מיט ריין קייזערליך בלוט.

זיין בעשלוס האָט ער נישט באַלד אויסגעפירט, ווייל די נייע מלחמות האָבן אים אַזוי אריינגעצויגן, אַז ער איז אינ־גאַנצן געווען איבערגעגעבן דער דאָזיגער זאַך. ער איז געפאָרן איבער גאַנץ אייראָפּאַ, בעזיגט איין לאַנד נאָכן אַנדערן און אַלס אָרטיגע הערשער בעשטימט די מיטגלידער פון זיין מש־פּחה, זיינע מיניסטאָרן און הויפלייט.

במשך פון אַ קורצער צייט האָט ער בעזיגט עסטרייך און אריין קיין ווין, בעהערשט אַלע דייטשע קעניגרייכן, פערנו־מען פּרייסן און, ווי אַ טריאומפאַטאָר, אריינגעפאָרן קיין בערלין. ער האָט פערניכטעט צוויי גרויסע אַרמעען, די פּריי־סישע און די רוסישע, און אין יאָר 1807 איז ער צוגעקומען

צו דער ווייסל און פערנומען ווארשא, וועלכע איז פריער גע־ווען בעזעצט מיט פרייסיש מיליטער.

אט דא, אין דער פוילישער הויפט־שטאט, האט ער בע־געגנט א פרוי, וועלכע האט איבערגעלאזט א קאלאסאלע ווירקונג אויף זיין נשמה. ער האט בעקומען פון דער זעלטענער פרוי ריינע און אידעאלע ליבע.

דאס איז געווען די פוילישע גרעפין וואלעווסקא. זי איז געווען א שעהנע בלאנדינקע מיט בלויע שאפיר־אויגן, אנ־אלאבאסטער־קלארע הויט, פרעכטיג געבויט און פערמאגט א וואונדערשעהנעם שמייכל, וועלכער האט ממש געקאנט פער־כישופן. זי איז סך־הכל אלט געווען 22 יאר און געווען די פרוי פון א פיינ און זעכציגיעריגן אריסטאקראט, וועלכער האט זי ברוטאל בעהאנדלט.

נאפאלעאן האט זי דערזעהען אויף א באל, וואס די פוי־לישע אריסטאקראטיע האט לכבוד אים איינגעאָרדנט אין ווארשא. איר צארטע, סובטעלע שעהנקייט האט אים תיכף געפאנגען. אין צוויי טעג ארום איז דער מעכטיגער אימפע־ראטאר געלעגן פאר אירע פיס און געבעטלט ליבע. זי איז לכתחילה געווען קאלט צו אים. ז׳ האט נישט געוואלט פער־ראטן איר מאן, הגם יענער האט זי שלעכט בעהאנדלט. אבער די הייסע בקשות פון קייזער, זיינע צערטליכקייטן, זיינע טרערן, האבן ענדליך אויך ביי איר ארויסגערופן א געפיל פון ליבע און זי האט זיך אים איבערגעגעבן. זי איז אים טריי געבליבן אויף שטענדיג. אפילו דאמאלסט, ווען ער איז בגוואלד פערשיקט געווארן אויפן אינזל עלבא, איז זי דארטן געקומען מיט דעם קינד, וואס זי האט פון אים געהאט, און אים פערזיסט די ביטערע טעג פון זיין גלות־לעבן.

נאך די גוט־פערברענגטע טעג אין ווארשא, נאך די עקס־טאטישע ליבעס־מינוטן מיט ז׳ער שעהנער גרעפין וואלעווסקא, האט דער נאט פון מלחמה אים ווידער גענומען בעהערשן. ער איז ארויסגעפארן קיין פולטוסק און דארט אונטער דער שטאט געפירט א דריי־טאגיגן, שווערן קאמף מיט די רוסן, וועלכע

ער האָט ענדליך פערטריבן. זייענדיג דערחוויל שוין זאַט פון נצחונות, קערט ער זיך אום קיין פאַריז, וואו ער פירט אויס זיין פריערדיגן בעשלוס וועגן גטן זיך מיט זשאָזעפינען.

די דאָזיגע ידיעה טרעפט די קייזערין, ווי אַ דונער. נישט די ליבע צו נאַפּאָלעאָנען, נאָר די מורא צו פערלירן איר מעכטיגע ראָל, איר טיטול קייזערין — שרעקט זי אַזוי. נאַפּאָלעאָן איז אָבער פעסט ענטשלאָסן. ער האָט די דאָזיגע פרוי פריער שטאַרק ליב געהאַט, כמעט וואַנזיניג, אָבער זי האָט זיין ליבע גרינגעשעצט, צונישט געמאַכט. דאָס איז געווען די נקמה. קיין שום זאַך אין דער וועלט וואָלט דעם הערשער נישט געקאָנט אָבוועגדן פון זיין בעשלוס.

דער גט איז פאָרגעקומען. זשאָזעפינע האָט געמוזט פערלאָזן דעם מענש, מיט וועלכן זי איז צוזאַמען געגאַנגען שטאַפּל נאָך שטאַפּל צו רום און מאַכט.

ערשט איצט האָט ער זיך בעראַטן מיט זיינע מיניסטאָרן, בעזונדערס מיט דעם אויסערן־מיניסטער טאַליראַן, וועגן אַ פּאַסיגן שידוך. ס׳איז בעשלאָסן געוואָרן, אַז צוליב פּאָליטישע, אינטערנאַציאָנאַלע טעמים איז אַמבעסטן זיך משדך צו זיין מיטן עסטרייכישן קייזערליכן הויף. ס׳איז געווען באַלד נאָכן שלום, וואָס פראַנקרייך האָט געשלאָסן מיט עסטרייך און נאַפּאָלעאָן האָט אַזוי אַרום געוואָלט מאַכן עסטרייך פאַר זיין פערבינדעטע. דורך קרובהשאַפט צו האַלטן עסטרייך אין צוים, אין פאַל ווען פרייסן און רוסלאַנד וועלן זיך וועלן רעוואַנזשירן פאַר זייערע מפּלות.

דעם 11־טן מערץ 1810 איז אין ווין מיט גרויס פּאַראַד געפייערט געוואָרן די חתונה פון נאַפּאָלעאָן באָנאַפּאַרט מיט דער קרוינפּרינצעסין מאַריע לואיזע, די טאָכטער פון עסטרייכישן קייזער. ער האָט זי נישט ליב געהאַט מיט דער זעלבער ליבע, ווי זשאָזעפינען. ס׳איז געווען אַ שידוך צוליב פּאָליטישע און פערזענליכע אויסרעכנונגען. אין דריי טעג אַרום האָט מאַריע לואיזע פערלאָזט ווין און צוזאַמען מיט איר מאַן, דעם קייזער פון פראַנקרייך, געפאָרן קיין פאַריז.

די האָפנונגען, וועלכע ער האָט געלייגט אויף דער דאָ־זיגער פרוי זענען פערוווירקליכט געוואָרן: זי האָט אים געבוירן אַ זון. נאַפּאָלעאָן איז געווען אין זיבעטן הימל און, ווען דאָס שוואַכע, קראַנקע קינד איז אַלט געוואָרן צוויי וואָכן, האָט עס נאַפּאָלעאָן פּראָקלאַמירט אַלס קעניג פון רוים... ס'האָט גע־הייסן: נאַפּאָלעאָן דער צווייטער, קעניג פון רוים. אַ קעניג, וואָס איז אַלט געווען צוויי וואָכן...

פערשטעהט זיך, אַז דאָס האָט אויפגעבראַכט דעם פויבסט, וועלכער איז געווען הערשער איבער רוים און ער האָט געגען דעם שאַרף פּראָטעסטירט. אָבער דער מעכטיגער נאַפּאָלעאָן האָט זיך אפילו פאַרן פויבסט נישט דערשראָקן. ער האָט פאַר־נומען רוים און זי צוגעטיילט צו פראַנקרייך.

ס'וואָלט זיך געדוכט, אַז קיין שום מאַכט וועט נישט קאָנען אומשליידערן דעם אייזערנעם ריז, וואָס האָט פאַר־שפּרייט זיין מאַכט איבער האַלב איראָפּאַ, אַז זיין טראָן איז אומערשיטערליך. אָבער אָט איז געקומען דער שטורם און דעם מעכטיגן הערשער פערוואָרפן אַזש אויף אַ וויטן, איינזאַמען אינזל אויפן אָקעאַן.

רוסלאַנד און פּרייסן האָבן בעשלאָסן פאַר יעדן פּרייז נקמה צו נעמען אָן דעם אַלץ־בּערכאַפּערישן קייזער. נאַפּאָ־לעאָן האָט זיך אָבער ווייניג דערשראָקן און צונויפנעמענדיג אַ גרויסע אַרמעע, האָט ער מיט איר גענומען מאַרשירן קיין רוסלאַנד. ער איז אַריבער דעם ניעמאַן און אָנגעקומען קיין סמאָלענסק. וואָלט ער געבליבן אין דער דאָזיגער שטאָט, וואָלט, אפשר, זיין נצחון געווען אַ געזיכערטער. ער האָט אָבער שוין אין זיך אַליין געגלויבט ווי אין אַ גאָט. ער האָט בעשלאָסן צו געהן ווייטער און נישט געגלויבט, אַז דער גורל קאָן אים אויך צוגרייטן מפּלות, ווי ער האָט ביז איצט צוגעגרייט נצחונות.

דעם 7־טן סעפּטעמבער 1812 איז נאַפּאָלעאָן מיט זיין אַרמעע אָנגעקומען צום דאָרף באָראָדינאָ, אונטער מאָסקוואַ. די שלאַכט איז געווען אַ בלוטיגע, די רוסן זענען אָבגעטרעטן

און דער גרויסער זיגער איז אריין אין דער הויפּט־שטאָט פון די אַמאָליגע צאַרן, אין מאָסקווע. אָבער די שטאָט איז געוואָרן אונטערגעצונדן פון אַלע זייטן, דער פראָסט איז געווען אַ דרייסיק־גראַדיגער, די זעלנער זענען מאַסנווייז אויסגעפרוירן געוואָרן און דער מעכטיגער אימפּעראַטאָר האָט געמוזט אַנט־לויפן. ביים אַריבערגעהן דאָס טייכל בערעזינאַ איז ער שיעור נישט דערטרונקען געוואָרן. זיין שטערן האָט אָנגעהויבן צו פאַלן, דאָס אַראָבשטייגן פון הויכן באַרג טריאומפן איז צו־געגאַנגען מיט אַ שנעלן גאַלאָפּ.

אויך זיין געזונט־צושטאַנד האָט זיך פערערגערט. ער האָט דערפילט, ווי זיין שרעקליכע קראַנקהייט מאַכט שוין ריזן־שריט. דער שטאָלענער ווילן פון דעם וועלט־עראָבערער איז געבראָכן געוואָרן.

דערווייל איז די ידיעה פון זיין מפּלה דערגאַנגען קיין פּאַריז. דאָ האָט אים זיין אייגענער מיניסטער פערראַטן. דער אויסערן־מיניסטער טאַליראַן האָט אָפיציעל פּראָקלאַמירט נאַ־פּאָלעאָנס דעטראָניזאַציע. אַ קייזער, וואָס מאַכט דורך אַזעל־כע מפּלות, איז פאַרן לאַנד אַן׳אומגליק. די גרעסטע טייל פון דער בעפעלקערונג האָט זיך איצט געשטעלט געגן איר פריער־דיגן אָבגאָט.

דעם 11־טן אַפּריל 1814 האָט נאַפּאָלעאָן אַבדיקירט לטובת זיין זון. די גרויסע, ליכטיגע זון פון נאַפּאָלעאָן באָנאַ־פּאַרט האָט אָנגעהויבן אונטערצוגעהן.

די זיגער האָבן בעשלאָסן, אַז נאַפּאָלעאָן טאָר זיך נישט צוריקקערן קיין פראַנקרייך. זיי האָבן בעשטימט פאַר אים אַן׳אָרט אויפן אינזל עלבאַ. מ׳האָט אים אייך צושיידט מיט זיין פרוי, מאַריע לואיזע, וועלכע איז צוריק מיט איר זון, „נאַפּאָלעאָן דעם קליינעם", ווי מ׳האָט אים גערופן, אַוועק צוריק צו אירע עלטערן אויפן עסטרייכישן הויף.

דער קייזער איז געבליבן אליין. ער האָט נאָר געהאַט אַרום זיך אַ גרופּע טריי־געבליבענע פערערער. אָבער דער פערוואונדעטער לייב האָט זיך אויסגעהיילט פון זיינע וואונדן.

ער האָט פערגעסן אין זיינע מפּלות און געהאָפט נאָך ווידער צו בעהערשן די וועלט.

די קראַנקהייט, וואָס האָט געפרעסן זיין אָרגאַניזם, האָט אים אויף אַ ווייל אָבגעלאָזט. ער האָט זיך צוריק געפילט ביי די כוחות און דעם 1־טן מערץ 1815 פערלאָזט ער אין געהיים דאָס אינזל עלבאַ און דעם 21־טן מערץ געפינט ער זיך שוין ווידער אין פּאַריז. דער קעניג פון דער דינאַסטיע בורבאָן, לואי דער 18־טער, וועלכער האָט דערווייל פערכאַפּט דעם טראָן, האָט שנעל געמאַכט אַ ויברח. עס האָבן זיך אויך דער־שראָקן אַלע אייראָפּייאישע מלוכות, דער ברוֹם פון לייב האָט זיי געמאַכט ציטערן פאַר פּחד. האָבן זיי דעריבער אַלע צו־זאַמען צונויפגענומען אַנ׳אַרמעע פון אַ מיליאָן מענשן און אַרום געגן אויפגעוואַכטן זיגער. נאַפּאָלעאָנס אַרמעע איז קוים בעשטאַנען פון הונדערט און פערציג טויזנד. די מפּלה איז געווען אַנ׳אומפערמיידליכע. דעם 8־טן יולי 1815 האָבן די פערבינדעטע אַרמעען פערנומען פּאַריז.

דער ריז איז געפאַלן. ער האָט געוואָלט מאַכן נאָך איין אָנשטרענגונג, וועלכע האָט זיך אים נישט איינגעגעבן. איצט זענען אַלע האָפנונגען פערשוואונדן. איצט דאַרף מען זיך אַלייז ראַטעווען, ווייל דער שונא וועט זיכער וועלן פערמאַטערן דעם געוועזענעם זיגער מיט אַ לאַנגזאַמען טויט.

אָבער זיינע זיגער האָבן אים איצט געהאַט אין זייערע הענד. כדי אים צו פערשאַפן שרעקליכע, מאַראַלישע יסורים, האָבן זיי בעשלאָסן אים אַוועקצושיקן אויף אַ פערווילדעטע, איינזאַם אינזל. דאָרטן זאָל ער ביסלעכווייז אויסגעהן.

און אַזוי איז געשעהען. דעם 11־טן אויגוסט 1815 איז פון די בּרעגעס פון ענגלאַנד אָבגעשוואומען די שיף „נאָרטהומבערלאַנד", וועלכע האָט געפירט דעם צושמעטערטן ריז, דאָס שרעק־געשפּענסט פון אייראָפּאַ, אויף די ווייטע וואַסערן פון אָקעאַן, צו די שוואַרצע, פעלזיגע בּרעגעס פון סאַנקט־העלענאַ־אינזל.

דאָרטן, אויפן איינזאַמען, וויסטן אינזל, האָט ער פער־

ברענגט די לעצטע זעקס יאָר פון זיין לעבן. די קראַנקהייט האָט זיך דאָ ענטוויקלט אין איר גאַנצער גרויס; ער האָט בע־קומען געשוואָלענע פיס, דאָס לייב איז בעדעקט געוואָרן מיט קרעצלעך און געשווירן, די צונג איז געוואָרן ווייס און ער פלעגט ליידן פון אָפטן ברעכן. די דאָזיגע פאַקטן גיבן איבער די דאָקטוירים, וועלכע האָבן אים געהיילט אויפן אינזל.

די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן זענען געווען שוידערליכע. ווי דער גורל וואָלט זיך נוקם געווען אָן די אַלע בלוט־פערגיסונ־גען, וואָס דער דאָזיגער מלחמה־גאָט האָט נאָך זיך איבער־געלאָזט.

ער איז געשטאָרבן אין שרעקליכע יסורים דעם 5־טן מאַי 1821. זיינע לעצטע ווערטער זענען געווען:

— דער קאָפּ פון דער אַרמעע... מיין גאָט!... גע־שטאָרבן!

מ'האָט אים בעגראָבן אויפן אינזל און אויף זיין קבר אַרויפגעלייגט אַ געוועהנליכן, גרויען שטיין, נישט אויפשרייבנ־דיג דערויף קיין שום צייכן. מ'האָט געוואָלט פערווישן יעדע שפור נאָך דעם גרויסן אימפּעראַטאָר פון פראַנקרייך.

אָבער אין צוואַנציג יאָר אַרום זענען זיינע ביינער מיט גרויס פּאַראַד איבערגעפירט געוואָרן קיין פראַנקרייך. נאַפּאָ־לעאָן האָט צוריק בעקומען רו אין פראַנקרייכס ערד.

אַזוי האָט זיך געענדיגט דאָס לעבן פון אַ מענש, וואָס האָט זיך, ווי אַ גרויסער שטורמווינד, אַדורכגעטראָגן דורך איירָאָפּאַ.

און אויך דעם דאָזיגן ריז האָט נישט אויסגעמיטן די גרוילנפולע סיפיליטישע פּלאָג. ס'קאָן זיין, אַז זי האָט אין אַ געוויסער מאָס גורם געווען צו זיין שרעקליכער מפּלה.

ווער ווייסט? ווער קאָן אַריינדרינגען אין די סודות פון אַזעלכע שטאַרקע לעבנס, ווי נאַפּאָלעאָן באָנאַפּאַרט?

אפשר האָט די שרעקליכע קראַנקהייט מער צוגעהאָלפן צו זיין מפּלה, ווי די שרפה אין מאָסקווע און די רוסישע פרעסט?

# דער טויבער מוזיקער

ס'איז אין דער שטאָט ווין. די גאַסן זענען אויסגעלייגט. יעדע ווײַלע שנײַדט אַדורך די בעגאָסענע גאַסן אַ פינקלדיגער בליץ, ווי אַ לאַנגער ווײַסער חלף וואָלט זיך אַראָפּגעלאָזט פֿון הימל. באַלד דערנאָך גיט זיך אַ קאָלער איבער דער שטאָט אַ פּערכיויבנדיגער דונער. די נאַטור האָט זיך צעווילדעוועט. ס'איז אַ שלאַקס־רעגן מיט אַ הוראַגאַן. מ'זעט נישט קיין לעבעדיגן נפש. ווער וועט זיך איצט לאָזן גיין איבער די גאַסן?

אָבער אָט גייט ער. אַלע ווייסן שוין ווער דאָס איז. מ'קוקט פֿאַרוואונדערט דורך די פֿענסטער.

אַ נידעריגער הער, אַ דיקליכער, אין אַ העל־בלויען קורצן פּאַלטאָ מיט אַ נידעריגן צילינדער אויפֿן קאָפּ, מיט אַ קורצן בייטשל אונטערן אָרעם. דאָס פּנים אַראָפּגעלאָזט, אָנגעכמורעט, בייז, לויפֿט ער מיט גרויסע שפּרייזן איבער די גאַסן אונטערן רעגן, אונטערן הוראַגאַן, ווי אים וואָלט דאָס אַלץ גאָרנישט אָנגעגאַנגען. אָט בעוויזט ער זיך אויף איין גאַס און אָט אויף אַ צווייטער גאַס, ער יאָגט זיך נישט אַ היים, ער איז אַרויסגעגאַנגען אויף דער גאַס צוזאַמען מיטן שטורעם. אַזוי לויפֿט ער, ווי אַ ווילדער, איבער די ווינטער גאַסן. דאָס וואַסער רינט פֿון אים, די דונערן שמעטערן איבער זיין קאָפּ, די בליצן קרייצן זיך איבער זיינע אויגן. ער לייגט אויף קיין שום זאַך קיין אַכט נישט.

ס'איז אויך אַ נאַפּאָלעאָן, נאָר דער נאַפּאָלעאָן פֿון מוזיק, ס'איז לודוויג וואַן־בעטהאָווען, דער געניאַלער מוזיקער.

ער האָט ליב געהאַט דעם שטורעם, כדי צו פֿערטויבן אין זיך די אינערליכע ליידן, וואָס האָבן געברענט אין זיין נשמה. כאָטש ער איז געווען אַנ'איינגעהער צו קרוינפּרינצן און גראַפֿן, כאָטש גאַנץ ווין איז געשטאַנען פֿאַר זיים אָפֿן, האָט ער געוואוינט אָבגעזונדערט, עלנט אין אַ ווייטער גאַס,

אין אַ קליינער דירה און שטענדיק אויסגעמיטן מענטשן. יע־
דער, וואָס האָט אָנגעקוקט זיין געזיכט, האָט געמוזט אָפּ־
שפּרונגען: אַזויפיל כעס, פאַרביטערונג און ווייטאָג איז דערין
געווען.

איז ער אַלעמאָל געווען אַזאַ מרה־שחורהדיגער און ביי־
זער? ניין, ער איז אַמאָל געווען פרעהליך, לעבנסלוסטיג. אין
די ערשטע צייטן פון זיין קומען קיין ווין האָט ער מיט פולע
שלונגען געזופּט פון דעם רייכן בעכער פון לעבן. אָבער ווען
ער, דער גרויסער מוזיקער, האָט פאַרלוירן דאָס, וואָס עס איז
אים געווען אַמטייערסטן — זיין געהער — איז ער אַריינ־
געפאַלן אין אַ שרעקליכער מעלאַנכאָליע.

לודוויג וואַן בעטהאָווען איז געווען טויב איבער 30 יאָר,
דאָס הייסט, מער ווי אַ העלפט פון זיין גאַנץ לעבן. פאַר אַ
מוזיקער קאָן שוין זיין קיין שרעקליכערע טראַגעדיע, ווי
טויב ווערן. דאָך האָט בעטהאָווען די שעהנסטע און שטאַרק־
סטע ווערק געשאַפן גראָד אין דעם פּעריאָד פון זיין לעבן, ווען
ער איז געווען טויב. ווי אַזוי דאָס איז מעגליך? ס'איז טאַקי
אומפאַרשטענדליך און וואונדערליך. דאָס איז שוין דער סוד
פון יעדן גרויסן גאון. ווייל ביי אַ גאון הערשן אַנדערע געזעצן,
ווי ביי אַ פּשוטן בשר־ודם.

בעטהאָווען האָט קיינמאָל נישט געהאַט די זכיה צו הער־ן
זיינע אייגענע ווערק. דאָס האָט אים אַריינגעבראַנגט אין
שרעקליכער פאַרצווייפלונג. מעגליך, אַז טיף אין דער נשמה
האָט ער געוואוסט פון וואַנען זיין פּלוצלינגע טויבקייט איז
געקומען, אפשר האָט ער זיך דערמאָנט אין זיינע ערשטע
וואָכן אין ווין? קיינער ווייסט נישט דערפון. דער גרויסער
מוזיקער איז געווען אין זיך פאַרשלאָסן און ערשט די סעקציע
איבער זיין טויטן קערפּער האָט געגעבן דייטליכע סימנים, אַז
אויך דער דאָזיגער גאון איז געפאַלן אַ קרבן פון דער סיפי־
ליטישער קראַנקהייט.

זיין לעבן האָט זיך אָנגעהויבן זעהר טרויעריג. דערנאָך
זענען געקומען די ערשטע פרעהליכע טעג, וועלכע האָבן אָבער

באַלד אין אים אַריינגעגעבן גיפט. און ער איז געבליבן אַ פּערמאַכטער, אַ פּערביטערטער און ווילדער זיין גאַנץ לעבן.

זיין געבורטס־שטאָט איז געווען די דייטשע שטאָט באָן. דער טאַטע זיינער איז געווען אַ געוועהנליכער זינגער, אָבער גלייכצייטיג... אַ גרויסער שיכור. אַלץ, וואָס ער האָט פּערדינט, האָט ער פּערטרונקען. די מוטער, וועלכע איז געווען אַ וועשין, האָט געמוזט מפרנס זיין אירע קינדער. אָפּטמאָל פלעגט דער קליינער בעטהאָווען בעקומען שטאַרק געשלאָגן פון פאָטער. דער טאַטע האָט געוואָלט דעם זון מאַכן פאַר אַ פידלער און פלעגט אים שעהנלאַנג מאַטערן. דאָס קינד פלעגט וויינען — אָבער וואָס קאָן מען מאַכן מיט אַ שיכורן טאַטן?

צו פערצן יאָר האָט שוין בעטהאָווען געמוזט נעמען דעם עול־פּרנסה אויף זיך. ער האָט נישט געקאָנט צוקוקן, ווי די מוטער מאַטערט זיך און האָרעוועט שווער. ער איז פון קליינערהייד אָן געווען מוזיקאַליש בעגאַבט, דעריבער פלעגט ער איצט אַרויסטרעטן אויף קאָנצערטן און דאָס פּערדינטע געלד אוועקגעבן דער מוטער.

אזוי זענען אוועק צוויי יאָר, ער איז שוין אַלט געווען זעכצן יאָר, די גאַנצע שטאָט האָט שוין געוואוסט, אַז דער יונגער לודוויג וואַקסט אַ גרויסער מוזיקער. זיינע קאָנצערטן האָבן געהאַט אַ געוואַלדיגן ערפאָלג און ער איז געוואָרן דער ליבלינג פון דער שטאָט.

אָבער אַלע האָבן פּערשטאַנען, אַז אין דער דאָזיגער קליינער שטאָט וועט זיך זיין טאַלאַנט נישט קאָנען ענטוויקלען. אונטער איין דאַך מיט זיין שיכורן פאָטער וועט ער נישט קאָנען שאַפן. די נויט און אָרימקייט האָבן פּערסמט זיין לעבן און ער האָט געמוזט ערגיץ אויסוואַנדערן אין אַ גרויסער שטאָט, וואו ס'געפינען זיך גרויסע מוזיקער. דאָרטן וועט ער זיך קאָנען ווי געהעריג אויסבילדן.

אָבער וואו נעמט מען געלד דערצו? אַז סך־הכל מוז ער אַלע זיינע קנאַפּע פּערדינסטן אוועקגעבן אין שטוב און מפרנס זיין זיין אָרימע מוטער, זיינע ברידער און שוועסטער און אויך

שפּייזן דעם שיכּורן טאַטן, וועלכן מ'האָט איצט אַרויסגעוואָרפן פון דעם פּאָסטן אין דער הויף־קאַפּעליע.

דער יונגער לודוויג, וועלכער האָט זיך געריסן אין דער גרויסער שטאָט, איז געווען פאַרצווייפלט. ער האָט בעשלאָסן צו פאָרן קיין ווין, וואו עס האָבן דאַמאָלסט געוואוינט די גרעסטע מוזיקער פון יענער צייט. אָבער קיין געלד איז נישט געווען. דערווייל געהען אַוועק טעג און וואָכן און זיין לעבן ווערט אומעטיגער און שווערער.

דאַמאָלסט האָט אַ רייכע משפּחה פון באָן ענטגעגענגעקומען דעם יונגן מוזיקער. אין 1787 איז בעטהאָווען געקומען קיין ווין, אַ גליקליכער, אַ שיינענדיגער, וואָס ער געפינט זיך ענדליך אין דער גרויסער שטאָט פון מוזיקער.

דאָס לעבן אין ווין איז דאַמאָלסט געווען רוישיג און פערשידנאַרטיג רייך. דער זיבעצניעריגער בחור וואַרפט זיך מיטן גאַנצן אימפּעט אויפן לעבן. די געשיכטע ווייסט אונז ווייניג צו דערצעהלן וועגן דער דאָזיגער ערשטער צייט זיינער אין ווין. ער האָט דאָרט קיינעם נאָך נישט געקענט, פערמאָגט בלויז עטליכע רעקאָמענדאַציע־בריף אין קעשענע, אָבער פאַר דעם ביסל געלד, וואָס די רייכע באָנער פאַמיליע האָט אים געגעבן, האָט ער געקאָנט דערווייל געניסן אַ ביסל פון לעבן.

דאָס יונגע בלוט האָט געשטורעמט. די גרויסע שטאָט ווין האָט געלאָקט מיט אירע פרויען, מיט איר רייכקייט, מיט איר גלאַנץ. פאַרוואָס זאָל דער איינזאַמער יונגער בחורל פון באָן נישט טועם זיין פון פרויען־ליבע? אין באָן איז זיין לעבן געווען טרויעריג, קומענדיג קיין ווין, האָט ער פריי אָבגעעטעמט און, ווי יעדער יונגער מענש, וועלכער פילט זיך בעפרייט פון גרויע זאָרגן, האָט זיך אויך דער יונגער קאָמפּאָזיטאָר געוואָרפן אין די אָרעמס פון די ערשטע בעסטע פרויען, וועלכע ער האָט אָנגעטראָפן. ס'איז געווען דער ערשטער אויסברוך פון ליידנשאַפט. ער האָט נישט געוואוסט, אַז די דאָזיגע וועגן קאָנען אויך זיין געפערליכע. ער האָט דאָס לעבן געזעהען אין די העלסטע, שעהנסטע פאַרבן.

אָבער נישט לאַנג האָט געדויערט דאָס דאָזיגע גליק. דער דאָזיגער גענוס פון ליידנשאַפט. ער האָט דערהאַלטן אַ ידיעה וועגן דעם טויט פון זיין מוטער און געמוזט צוריקפאָרן קיין באָן. די אָרימע, שווער־אַרבייטנדיקע פרוי האָט נישט אויסגעהאַלטן. דאָס ביטערע צוזאַמענלעבן מיט איר שיכורן מאַן, דאָס טראָגן אויף זיך דעם עול פון דער גאַנצער משפּחה, די אָבוועזנהייט פון לודוויגן, וועלכער פלעגט דאָך אויך צו־שטייער געבן אויף פרנסה — דאָס אַלץ צוזאַמען האָט זי צוגבראָכן און זי איז געפאַלן אַ קרבן פון שווינדזוכט.

בעטהאָווען האָט לאַנג געטרויערט איבער זיין מוטערס טויט. ער האָט זי שטאַרק ליב געהאַט און זי איז געווען די איינציקע, וואָס האָט אים פארשטאַנען, וואָס האָט אים געשענקט אירע צערטליכקייטן.

איצט האָט בעטהאָווען געמוזט פערבלייבן אַ געוויסע צייט אין באָן און בלייבן דער איינציקער שפּייזער פון זיינע ברידערלעך און שוועסטערלעך. דאָס דאָזיגע לעבן האָט אים שרעקליך געמאַטערט. ער האָט זיך נישט געקאָנט ווידמען אויסשליסליך זיין קונסט. ער האָט געמוזט פערדינען, ער האָט געמוזט ווערן דער קאָפּ פון דער משפּחה.

אַזוי זענען אַדורך פינף יאָר. ערשט אין יאָר 1792 האָט ער בעשלאָסן ענדליך זיך אַרויסצורייסן פון דער פּראָווינץ־שטאָט און צוריקפאָרן קיין ווין. דאָס דאָרטיגע לעבן האָט אים געצויגן. ער האָט פאָרגעפילט, אַז נאָר ווין וועט אים מאַכן אַ וועלט־נאָמען. אין באָן וועט ער פערגעסן ווערן און גאָרנישט קאָנען דערגרייכן.

און אָט זעהען מיר בעטהאָווענען ווידער אין ווין. דאָ וועט ער שוין פערבלייבן ביז די לעצטע טעג פון זיין לעבן. עס עפענען זיך באַלד פאַר אים אַלע אַריסטאָקראַטישע הייזער, ער בעקענט זיך מיט די אָנגעזעהענסטע מענשן פון ווין, זיין נאָמען ווערט פּאָפּולער און פירשטן און גראַפן לאַדן אים איין צו שפּילן אין זייערע סאַלאָנען.

דער יונגער מוזיקער ווערט פערשיכורט פון גליק. ער

האָט גאָרנישט געגלויבט, אַז אַלע זאָלן זיך אַזוי ענטציקן מיט זיינע ווערק. איז ער טאַקי אַזאַ גרויסער טאַלאַנט, ווי עס זאָגן אויף אים די קאָמפּאָזיטאָרן היידן, שענק און אַלברעכטס-בערגער. דער גרויסער היידן איז דאָך ענטציקט מיט זיינע ווערק. איז עס אמת? טליעט אין אים אַ געטליכער פונק? בעטהאָווען גאַפט. ער איז, ווי אין חלום. זיין פאַנטאַזיע האָט אים קיינמאָל נישט געמאָלט אַזאַ ערפאָלג.

אָט בעקומט ער אַן'איינלאַדונג פון אַזאַ פּערזענליכקייט ווי דער פירשט ליכנאָווסקי. דער פירשט שרייבט אים, אַז ער האָט געהערט וועגן זיינע פּרעכטיגע סאָנאַטעס און ער וויל דעריבער ווערן בעטהאָווענס תלמיד.

— דער פירשט ליכנאָווסקי מיין תלמיד? — דער יונג-געראָמאַן שפּרינגט אַזש פאַר פרייד. ער גלויבט זיך נישט ציג, ווען ער לייענט ווייטער, אַז דער פירשט נעמט זיך אונטער צו צאָלן אים אַ לעבנס-לענגליכע פּענסיע.

— דאָס איז דאָך וואונדערבאַר! — שרייט אויס דער גליקליכער בעטהאָווען און טאַנצט אַרום אין זיין צימער פאַר שמחה. — הייסט עס, אַז פון איצט אָן וועט ער שוין קיין שום מאַטעריעלע זאָרגן נישט האָבן, ער וועט קאָנען פראַנק און פריי שאַפן, אָן שום שטערונגען זיך איבערגעבן זיין טייערער מוזיק.

אין דעם דאָזיגן טאָג האָט ער בעזוכט אַלע וויין-קעלערס פון ווין. זיינע אויגן האָבן געברענט פון אינערליכן גליק. ער האָט געקושט יעדע קעלנערקע, יעדעס מיידל, וואָס ער האָט געטראָפן אין די שענקען. ער האָט געטרונקען לכבוד זיין דערגרייכטן נצחון אויף דער אַרענע פון לעבן. ער האָט געפילט, אַז פון איצט אָן ווערט ער דער הערשער אין קעניגרייך פון דער מוזיק. קיינער וועט נישט קאָנען מיט אים קאָנקורירן.

די ערשטע פינף יאָר פון זיין פערברענגען אין ווין זענען געווען די ליכטיגסטע אין זיין לעבן. וואָס האָט אים דען געפעלט? ער האָט געהאַט כבוד פון אַדלליייט און פירשטן, ער, דער זון פון אַן'אָרימער וועשין, איז געוואָרן דער אָפּגאָט פון

דער ווינער אריסטאָקראַטיע, דער אַריינגעהער אין אירע פּאַ־לאַצן, דאָס צופּיעשטשעטע קינד פון די רייכע דאַמען, וועלכע פלעגן ממש גאַרן נאָך זיין שפּילן.

איצט האָט ער דערפילט, אַז ער איז גרויס. ער האָט פערשטאַנען, אַז ער איז ווערט אַ סך, אויב דאָס רייכע ווין בעשיט אים מיט אַזויפיל געלד און איינלאַדונגען. אַ רייכער פירשט לאָבקאָוויץ האָט ספּעציעל פאַר אים אויסגעהאַלטן אַן אָרקעסטער, כדי ער זאָל קאָנען דיריגירן זיינע ווערק. יעדן טאָג האָט ער בעקומען איינלאַדונגען אויף אַן אַנדער באַל. ער האָט זיך מיט זיין גאַנצער ליידנשאַפטליכער נאַטור אַריינ־געלאָזט אין דעם דאָזיגן שווימיגן לעבן און געריסן עפּל פון לעבנס־בוים, וויפיל ס'האָט זיך נאָר געלאָזט.

ס'קאָן זיין, אַז זיין צאַרטע נשמה האָט פאַרגעפילט, אַז עס רוקט זיך אָן אַן אומגליק, אַז דער פאַרהאַנג פון געניוס וועט זיך באַלד פאַר אים אַראָפּלאָזן.

בעטהאָווען איז נישט געווען קיין שעהנער אויפן געזיכט. ער האָט געהאַט אַ טונקעלע ציגל־קאָליר אויפן פּנים, אַרויס־סטאַרטשענדיגע באַקן־ביינער, אַ ד קע, פליישיגע נאָז און שטענדיג פערביסענע ליפּן. אויפן ערשטן אָנבליק האָט ער נישט געמאַכט קיין אָנגענעמען איינדרוק. אין די יונגערע יאָרן האָט זיך דאָס אַלץ אַזוי נישט אָנגעזעהען. איבער זיין געזיכט האָט נאָך געשוועבט דער לעבנסלוסטיגער שמייכל, דער יונגער גאון איז נאָך געווען פערשיכורט פון גליק, און זיינע טריט האָט בעגלייט דער גלאַנץ פון רום.

ער האָט דעריבער אין יענער צייט געהאַט אַ טיילווייזן ערפאָלג ביי פרויען. פערליבט איז ער נאָך נישט געווען. יעדר איז געווען צופיל גליקליך, אַז ער זאָל זיך פערליבן. ערשט שפּעטער, אין די יאָרן פון זיינע ליידן, האָט ער זיך גענוי־טיגט אין דער טרייסטנדיגער ליבע פון אַ פרוי.

איינמאָל האָט ער פערברענגט אַן אָוונד ביי דעם פירשט ליכנאָווסקי. ס'איז געווען אַ גרויסע געזעלשאַפט און בעטהאָ־ווען האָט געשפּילט איינע פון זיינע לעצטע שאַפונגען. די

פערזאמלטע זענען געווען פול מיט התפעלות. די דאמען האבן אים בעשאטן מיט בלומען. די אפלאדיסמענטן האבן נישט אויפגעהערט. ער איז געווען גערירט. אין זיין נשמה האט פלוצ־לינג אויפגעברויזט א שטורעם פון נאך קיינמאל נישט דורכ־געלעבטער פרייד. ער האט זיך ועהייסן דערלאנגען ווייו. אלע האבן מיט אים צוזאמען געטרונקען.

ווען ער איז אראב אויף דער גאס, האט ער דערפילט אזא אינערליכע שמחה, אז ער האט אנגעהויבן צו טאנצן אין מיטן דער גאס. עס האט זיך אויפגעוועקט אין אים דער מאן און בעטהאווען איז שנעל פערשוואונדן געווארן אין די זיי־טיגע ווינער געסלעך.

ער האט זיך אויפגעכאפט ארום דריי אזייגער בייטאג. א דראבנער רעגן האט אריינגעקלאפט אין זיין פענסטער. עס האט אים בעהערשט א מאדנע אומעט. ער האט זיך נישט גע־קאנט אבגעבן קיין דין־וחשבון, וואס מיט אים איז.

— דאס איז, אודאי, שולדיג דער רעגן! — האט ער געזאגט און זיך אוועקגעזעצט ביי דער פיאנא, כדי אויסצו־פרובירן זיין לעצטע סאנאטע.

ער האט געגעבן א קלאפ אין דריי קלאווישן. דאס האט גערארפט זיין דער ערשטער אריינפאר־אקארד אין דער סאנא־טע, אבער פלוצלינג האט זיך זיין געזיכט אויסגעקרימט. וואס איז דאס? ער גיט נאך א קלאפ אויפן קלאוויר, דאס זעלבע. איז זיין קלאוויר קאליע געווארן? ער האט דאך אים ערשט יענע וואך בעקומען צוגעשיקט פון פירשט ליכנאווסקי! ער צושפילט זיך איבער אלע קלאווישן, ווארפט מיט די קליינע, דיקליכע הענד זיינע און פערשטעהט נישט, וואס דא איז פארגעקומען.

די קלאנגען קומען ארויס אזוי שוואך און געדעמפט, ווי זיי וואלטן געשפילט געווארן אין א ווייט צימער. איז ער טויב געווארן, צי וואס?

ער ווארפט זיך אויפן פארטעפיאן מיט כעס און ווילד־קייט. פארוואס גיט ער ארויס אזעלכע שוואכע טענער? ער

קלאַפּט אין די קלאַווישן מיט שטורעם און ברען. האַ? וואָס איז דאָס? ער הערט נאָך שוואַכער.

זיין געזיכט קרימט זיך אויס אין אַ שרעקליכער גרימאַסע־ער נעמט אויך זינגען. און טאַקי, אָ, גאָט, ער הערט שוואַך זיין אייגן קול, ס'איז אַזוי ווייט און נישט קלאָר. איז ער טאַקי טויב געוואָרן? ער, טויב געוואָרן?

פון דאַמאָלסט אָן איז זיין געהער געוואָרן שוואַכער פון טאָג צו טאָג, ביז דער גאונישער מוזיקער איז אינגאַנצן טויב געווען. ער האָט זיך פערשטענדיגט מיט דער וועלט דורך געשריבענע ווערטער. ער האָט אַרומגעטראָגן מיט זיך אַ נאָטיץ־העפטל מיט אַ בלייפעדער און עמיצער האָט צו אים גע־וואָלט רעדן — האָט יענער געמוזט זיינע רייד אויפשרייבן.

די ערשטע פאָלגן פון זיין בעקומענער קראַנקהייט האָבן מוראדיג געווירקט אויף זיין צושטאַנד. פון דעם פרעהליכן, לעבנסלוסטיגן לודוויג איז געוואָרן אַ פינסטערער, פערביטער־טער, קאַפּריזנער מענש.

אַריינפאַלנדיג אין דעם דאָזיגן שרעקליכן צושטאַנד, האָט ער געזוכט אַ טרייסט. אָבער קיין טרייסט איז פון ערגיץ נישט געקומען. ער איז געוואָרן אַזוי מעלאַנכאָליש, אַז ער האָט גע־גלויבט אין באַלדיגן טויט. דער טויט וועט אים אויסלייזן פון דער דאָזיגער שרעקליכער פיין. ער שרייבט דאַמאָלסט אָן אַ צוואָה, וואו יעדע שורה איז דורכגעווייקט מיט טרערן און צער.

„איר מענשן, וועלכע האַלטן מיך פאַר אַ משוגנהדיגן און מענשנפיינד, וואָס ענטלויפט פון יעדן, איר טוט געגן מיר אַ גרויסע עוולה! איר קענט נישט די געהיימע סיבה פון דעם, וואָס איר שאַצט בלויז אָב אויבערפלעכליך... נעמט אין אכט, אַז שוין זעקס יאָר האָט מיך בעהערשט אַן'אונהיילבאַרער צו־שטאַנד, וועלכער איז נאָך מער פערערגערט געוואָרן צוליב די שלעכטע, נאַרישע דאָקטוירים; פערלירנדיג יעדעס יאָר די האָפנונג, אַז מיר וועט בעסער ווערן, האָב איך געמוזט קומען

צו דער איבערצייגונג, אז אויף מיר איז אראָבגעפאַלן אַ גרויס אומגליק...".

בעטהאָווען פילט, אַז זיין לעבן וועט איצט שוין בעצירט ווערן מיט דערנער און ער זוכט אַ רעטונג. די איינציגע רעט־טונג געפינט ער אין זיין קונסט, אין זיין שאַפן. דאָס איינע גיט אים צו מוט צום לעבן.

זיינע אויגן זוכן ליבע. די ליבע פון אַ פרוי וועט קאָנען היילן זיין פערוואונדעטע נשמה, זיין קראַנקן קערפּער. אָבער זיי, די פרויען, שרעקן זיך פאַר דעם ווילדן מענש מיט די צושויבערטע האָר אויפן קאָפּ, מיט די בייזע אויגן, מיט די איינגעפּרעסטע ליפּן, וועלכער איז נאָך דערצו... טויב!

ער פערליבט זיך, אָבער מיט דער שעמעוודיגקייט פון אַ יונגן בחור. די שעהנע גרעפין ברונשוויק רופט אַרויס אין אים אַ ליידנשאַפטליך געפיל. פאַרוואָס זאָל ער מיט איר נישט חתונה האָבן? פאַרוואָס זאָל זיין לעבן זיין אַזוי איינזאַם? ער שרייבט צו איר הייסע, בעטנדיגע ליבעס־בריף. ער רופט זי: „מיין אונשטערבליכע געליבטע". זי איז לכתחילה מסכים אויף זיין פאָרשלאַג און זיי פערלאָבן זיך.

אָבער דער קראַנקער, שוואַכער און קאַפּריזנער גאון האָט נישט געקאָנט געבן דער דאָזיגער פרוי, וואָס זי האָט פון אים פערלאַנגט. זי האָט נישט געקאָנט אויסהאַלטן. ער האָט גע־וואָלט, אַז זי זאָל זיין זיין קראַנקן־שוועסטער, זיין טרייסטערין. און זי איז געווען אַ פולבלוטיגע און לעבעדיגע. זיי האָבן זיך צום סוף געמוזט פונאַנדערגעהן און בעטהאָווענס לעבן איז ווידער אַרומגעהילט געוואָרן מיט אַ טרויער־טוך.

זיין האַרץ האָט אויך געפילט אַ שטאַרקע בענקשאַפט צו דער שעהנער זינגערין דזשוליעטע גיטשאַרדי, צו דער אַרטיסטין מאַגדעלענע ווילמאַן. ער ווידמעט זיי אַ סך פון זיינע ווערק. דער שעהנער זינגערין ווידמעט ער זיין פערחלומטע, אומעטיגע „לבנה־סאָנאַטע". אָבער די דאָזיגע ליבעס קאָנען אים קיין גליק נישט ברענגען, די דאָזיגע אַלע פרויען פערערן אים, פערגעטערן אים אַלס אַ מוזיקער, אָבער זייער קערפּערליכע

ליבע קאָנען זיי אים נישט אָבגעבן. אזוי ארום בלייבט ער אָן פרויען־ליבע, אָן דער דאָזיגער געטליכער ברכה, מיט וועלכע עס זענען געבענשט געווען אנדערע גאונים.

ס'איז געווען איין פרוי, וועלכע האָט אים געהיים ליב געהאַט, וועלכע פלעגט אויפצאַפּלען, בעת זי פלעגט אים דערזעהען. אָבער צי האָט בעטהאָווען געקאָנט אָבשאַצן די דאָזיגע ליבע? די דאָזיגע פרוי איז נאָך געווען כמעט א קינד. דאָס איז געווען בעטינא פאָן ארנים, א פופצן־יעריג מיידל. ער האָט געפילט, אז זי איז צו אים נישט גלייכגילטיג, אָבער ער האָט מורא געהאַט צו ענטדעקן פאַר איר זיין געפיל. אזא מענש, ווי בעטהאָווען האָט זיך געמוזט פילן נידערגעשלאָגן אין דער אַנוועזנהייט פון א געליבטער פרוי. ווי געזאָגט, איז ער געווען זעהר נישט קיין שעהנער און זיין קראַנקהייט, בעזונדערס די טויבקייט, האָט אים געבראַכט צו דער העכסטער רעזיגנאַציע. ער האָט שוין פערלוירן יעדע האָפנונג צו ווערן געליבט פון א פרוי, ווי ס'האָט עס פערלאַנגט זיין שטורמישע, ווילדע נשמה.

איבער זיין גרויסער נשמה האָט קיינמאָל נישט געפלאַטערט די הייסע ליבע פון א פרויען־האַרץ. אומעטיג און איינזאַם איז אדורך זיין לעבן. האָבן אים דען געקאָנט טרייסטן די אַלע נצחונות, וואָס ער האָט אָבגעהאַלטן אין געזעלשאַפטלעכן לעבן?

אנ'אַנדערער וואָלט זיך איבערגענומען דערמיט, וואָס ער איז פאַרגעשטעלט געוואָרן פאַרן קייזער, וואָס די קייזערין אַליין לאַדעט אים איין צו שפּילן פאַר זיך.

ער איז שוין געווען גלייכגילטיג צו אַלע לעבנס־ערשיטונגען. קיין שום זאַך האָט אים שוין נישט געקאָנט איבעראשן. ער האָט געלעבט בלויז אין קעניגרייך פון זיין מוזיק, פון זיין שאַפן. אויב די פרוי האָט אים קיין גליק נישט געגעבן, נאָר אונגליק, נאָר ליידן — האָט ער סוף כל סוף געזוכט א טרייסט אין זיינע הערליכע סימפאָניעס, וועלכע ער

האָט געשאַפן גאַנצע ניין און אַ רייע אַנדערע ווערק, וועלכע זענען געבליבן אומשטערבליך.

אין יאָר 1824 איז שוין בעטהאָווען געווען אינגאַנצן טויב. ער האָט שוין אַבסאָלוט נישט געהערט קיין שום קלאַנג, דערצו איז ער געוואָרן געל אינגאַנצן, ער האָט אָנגעהויבן צו ליידן אויף דער לעבער, אויפ'ן האַרץ. דער אָרגאַניזם האָט זיך ענדליך געבראָכן אונטער דעם גיפט, וועלכער איז אַריינגעפאַלן אין זיין קערפּער אין די סאַמע יונגע יאָרן פון זיין לעבן.

ער האָט די צווייטע העלפט פון זיין לעבן געלעבט, ווי אַ נזיר, אָבער די קראַנקהייט האָט אירס געטון. דאָ האָט שוין קיין תשובה טון נישט געהאָלפן.

ווען ער האָט אויסגעפירט זיין מעכטיגסטע סימפאָניע, די ניינטע — האָט ער שוין נישט געהערט די אַפּלאָדיסמענטן, די הוראַ־געשרייען, די אָוואַציעס, מיט וועלכע דאָס פּובליקום האָט אים בעשאָנקען. ער איז געווען אַ לעבעדיגער בר־מינן. בלויז אין דער וועלט פון קלאַנגען האָט געפלאָנדזשעט זיין גרויסע נשמה.

אָבמאַטערנדיג זיך עטליכע יאָר, איז ער אויסגעגאַנגען דעם 26־טן מערץ 1827, אַבלעבנדיג 57 יאָר.

דער גרויסער, שעפערישער גייסט איז געפאַלן פון דעם שרעקליכן גיפט.

## דער מאַטראַצן קבר

אַ הערליכער מאַי־טאָג אין פּאַריז. אַלע בלומען האָבן זיך צובליט און אַרום און אַרום שמעקט מיט פרישן בעז. ס'איז דאָס יאָר 1848. אויף דער גאַס, וואָס פירט צום לובר, דעם גרעסטן קונסט־מוזעאום אין פראַנקרייך, שלעפּט זיך אַנ'איינגעבויגענער מענש. זיינע אויגן זענען אַריין טיף אין קאָפּ, דאָס פּנים איז אויסגעדאַרט און געל, די ליפּן ציטערן פאַר אָנשטרענגונג. די פיס געבן זיך קוים נאָך, זיי זענען האַלב

פאראליזירט. דער מענש שלייכט זיך ביי דער וואנד, ער האלט זיך צו, מורא האָבנדיג יעדע ווײלע אומצופאלן,

די פערבייגעהער בעטראכטן מיט רחמנות דידאָזיגע קאַ־ליקע, וואָס קאָן קוים געהן. קיינער דערקענט אים נישט, מיט פינף יאָר צוריק וואָלט אים יעדער דערקענט. אָבער איצט? דער דאָזיגער מענש איז דאָך מער ענליך צו א מת, ווי צו א לעבעדיגן.

ענדליך שלעפט ער זיך אריין אין פאָדערהויז פון לובר און ווענדנדיג זיך צום דינער, זאָגט ער:

— זייט אזוי גוט, מיר איז שווער צו געהן אליין, פירט מיך צ צו דער סטאטוע פון ווענוס פון מילאָ *).

דער דינער פירט אים צו צו דער פרעכטיגער סטאטוע, וואָס שטעלט פאָר א נאַקעטע פרויען־געשטאלט מיט די פרעכ־טיגסטע גלידער. בלויז די הענד זענען אָבגעהאקט.

דער דאָזיגער מאן איז געקומען דאָ תפילה טון צו דער גריכישער געטין. ער האָט זיך אראָבגעלאָזט אויף די קני, ארומגענומען איר וואונדערליכע טאליע, ווי זי וואָלט געווען א לעבעדיגע פרוי און לאנג ארויפגעקוקט צו איר פרעכטיג געזיכט. לאנג האָט ער געהאלטן זיין בליק אויף איר פנים, אויף אירע פיין געשניצטע גלידער און דערנאָך מיט א וויינענדיגער שטים געזאָגט:

— דיינע וואונדערשעהנע ליפן, אָ, געטין ווענוס, שמייכ־לען, ווי שטענדיג און דו ווייסט גאָרנישט, אז פאר דיר קניט איצט און קלאָגט דיין אונגליקליכער קרבן, אָ, געטליכע ווענערא!...

ער האָט זיך יאָמערליך פונאנדערגעוויינט. הייסע טרערן זענען געפאלן אויף די ווייסע, מארמאָרנע לענדן פון דער געטין. דערנאָך האָט זיך זיין קערפער אויסגעצויגן אויף דער ערד. דער אונגליקליכער איז געפאלן אין אָנמאכט.

ווער איז דאָס געווען דער מענש, וואָס האָט זיך בע־טראכט פאר אַן'אונגליקליכן קרבן פון דער געטין ווענוס?

*) די גריכישע געטין פון שענהייט.

דאָס איז געווען דער גרויסער יודיש־דייטשישער דיכ־
טער היינריך הײנע.

און ער האָט געהאַט רעכט. ער איז געפאַלן אַ קרבן פון
דער ליבע, פון ווענוס. אַ שווערע שטראָף האָט ער געמוזט
אָבקומען פאַר זיינע אונצעהליגע ליבעס: צוועלף יאָר צו ליגן
אין מורא'דיגע יסורים צו־בעט, צוועלף יאָר צו זיין לעבעדי־
גערהייט בעגראָבן. נישט אומזיסט האָט ער זיין קראַנק־בעט
אָנגערופן „דאָס מאַטראַצן־קבר".

דער סיפיליס־גיפט האָט זיין קערפער אָנגעגריפט מיט
אַ געוואַלדיגער שנעלקייט און שוין אויפ'ן זעקס און דריי־
סיגסטן יאָר פון זיין לעבן זיך געלאָזט שטאַרק פילן. דערנאָך
האָט ער אים אַוועקגעשליידערט אין אַ ווינקל פון לעבן און
דאָרט געזויגן פון אים, ווי אַ פּיאַווקע, גאַנצע צוועלף יאָר.

קאָן דען זיין אַ גרויליכער בילד, ווי די סוף יאָרן פון
דעם דאָזיגן געניאַלן דיכטער? דאָס בלוט ווערט געגליווערט
איז די אָדערן, ווען מען קוקט זיך צו צו די דאָזיגע ליידן, צו
דעם דאָזיגן קוואַל פון יסורים, וואָס היינע האָט דורכגעלעבט.

אָבער קודם כל מוזן מיר געבן אַן'אַלגעמיינעם איבער־
בליק איבער זיין לעבן. מיר קאָנען אַנדערש נישט אַריינדרינ־
גען אין דער טראַגעדיע פון די קראַנקע גאונים אויב מיר בע־
קענען זיך נישט מיט די פּרטים פון זייער לעבן.

ער איז געבוירן געוואָרן ביי יודישע עלטערן אין דער
דייטשישער שטאָט דיסעלדאָרף ביים ריין דעם 31־טן דע־
צעמבער 1799. היינע פלעגט אפילו אין שפּאַס דערצעהלן,
אַז ער איז געווען דער ערשטער מענש פון נייַנצנטן יאָרהונ־
דערט. פאַרוואָס? — ווייל איך בין געבוירן געוואָרן, — האָט
ער ג'זאָגט, — איין סעקונדע נאָך צוועלף אַ זייגער ביינאַכט
פון 1־טן יאַנואַר 1800.

דער טאַטע זיינער איז ועווען אַ סוחר און געגלויבט, אַז
אויך דער זון וועט זיין אַ סוחר. ער האָט אים טאַקי מיט אַלע
מיטלען געצוואונגען צו מאַכן די קאַריערע פון אַ האַנדלסמאַן.
ער האָט אים געשיקט אַרבייטן אין אַ באַנק, דערנאָך האָט

דער יונגער היינע געמוזט שטעהן אין א קאָלאָניאַל־געשעפט אלס פשוט'ער פערקויפער.

אָבער זיין קאָפּ איז געווען גאָר צו אנדערע זאכן. פון דער פריסטער יוגנד אָן האָט ער ליב געהאַט צו לייענען ביי־כער און שרייבן... ליבעס־בריוועלעך צו מיידלעך. ער איז אזוי שטארק געווען ארייגנעטון אין דידאָזיגע ביידע זאכן, אז אין דער באנק האָט ער כסדר געמאַכט טעותים אין די חשבונות און אין קאָלאָניאַל־געשעפט קיינמאָל נישט געגעבן דעם קונה, וואָס יענער האָט פערלאַנגט.

אין א שעהנעם פרימאָרגן האָט ער פערלאָזט דאָס קאָ־לאָניאַל־געשעפט און אהיימגעקומען, דערקלערנדיג:

— ניין, ס'איז נישט פאַר מיר. די דאָזיגע נארישע אַר־בייט לאַיגווײלינגט מיך!

זעענדיג, אז דאָ וויל דער יונגער היינריך „נישט ווערן קיין מענש", האָבן אים די עלטערן געשיקט צו זיין פעטער, דעם רייכן באַנקיר, סאַלאָמאָן היינע, כדי אונטער דער אויפ־זיכט פון דעם דאָזיגן רייכן פעטער זאָל היינריך אויך ווערן א באַנקיר. דער פעטער האָט לכתחילה געהאַט א שטיקל ווייר־קונג און מיט זיין הילף איז דער צוקונפטיגער ליריקער און פּאָעט געוואָרן דער אייגנטימער פון א קאָמיסיאָנס־קאַנטאָר אונטער דער פירמע „האַרי היינע און קאָמפּאַני".

אָבער אָט איז געקומען די ליבע, די ערשטע ערנסטע ליבע און פערוואונדערט זיין דיכטעריש האַרץ. היינע האָט זיך איבער די אויערן פערליבט אין זיין שעהנער קוזינע, אמאַליע, זיין פעטערס טאָכטער. דער אייגנטימער פון קאָמי־סיאָנס־קאַנטאָר האָט שוין מער נישט געטראַכט וועגן זיינע געשעפטן. ער האָט עס אָוועקגעוואָרפן און מיט זיין גאַנצער הייסער נשמה זיך איבערגעגעבן דער ליבע פון אמאַליע.

אָבער אמאַליע האָט דעם דיכטער נישט פערשטאַנען. זי האָט אויף זיינע ליבעס־דערקלערונגען געענטפערט מיט אַן'איראָנישן שמייכל, איז דער דיכטער אריינגעפאַלן אין א

טיפן טרויער און אפילו געטראכט וועגן זעלבסטמאָרד. דאָס איז געווען די ערשטע אומגליקליכע ליבע אין זיין לעבן.

ווען ער טרעט דערנאָך אריין אין באַנער אוניווערזי־טעט, וויל ער זיך פערגעסן. צוזאַמען מיט די לעבעדיגע סטו־דענטן בעזוכט ער פרעהליכע הייזלעך, שענקן און פראוועט די אויסטערלישסטע אָרגיעס. אין די אָרעמס פון בעצאָלטער ליבע, אין שכרות און הוליאַנקעס וויל ער דערשטיקן זיינע ליבעס־יסורים.

— מיין לעבן אין באָן איז אַדורך ווילד, וואַנזיניג, צי־ניש און עקלהאַפט, — דריקט זיך שפעטער אויס.

גאַנץ פרי האָט דער שרעקליכער סיפילים־גיפט בע־הערשט דעם אָרגאַניזם פון גרויסן דיכטער. ער האָט אפילו נישט געקאָנט חלום'ען מיט וואָס פאַר א שרעקליכער ענוים קשים ער וועט שפעטער בעצאָלן פאַר דידאָזיגע אָרגיעס און הוליאַנקעס. דאָס לעבן איז גרויזאַם און איז זיך נוקם אָן די גרעסטע.

זיינע אוניווערזיטעט־יאָרן זענען געווען פול מיט זאָרג־לאָזער פרעהליכקייט, ערשטנס האָט זיך זיין פעטער סאַלאָ־מאָן היינע פערפליכטעט צו צאָלן אים א יערליכע פענסיע, צווייטנס האָט זיין נאָמען אַלס דיכטער אָנגעהויבן צו וואַקסן און זיינע לידער האָבן אַרויסגערופן ענטציקונג אין גאַנץ דייטש־לאַנד. ער פאַרט דעריבער קיין בערלין, כדי דאָ, אין דער דאָ־מאָלסדיגער הויפטשטאָט פון פרייסן, צעקומען א מעגליכ־קייט פאַר זיינע ווייטערדיגע דיכטערישע שאַפונגען.

אָבער זייענדיג שוין צוגעוואוינט צו א לעבן פול מיט שכרות און אָרגיעס, לאָזט ער זיך אַראָב אין די בערלינער אונ־טערגעסלעך, וואו טויזענדער פרויען וואַרטן מיט אומגעדולד אויף א מאַן, וואָס איז גרייט א הוליע צו טון. די פרוי ווערט פון איצט אָן דער מיטלפונקט פון זיין לעבן. ער קאָן קיינ־מאָל נישט אָנזעטיגן זיין נשמה מיט דער ליידנשאַפט פון א פרוי, ער איז שטענדיג פול מיט בעגער און ליבעס־דורשט אָט שפאַצירט ער זיך, דער יונגער ליריקער, איבער די

בערלינער גאסן. ווינטער אין א ווייסן פלאנעלענעם קאָסטיום, ארויפגעוואָרפן דערויף א געלע פעלערינקע, די הענד אין די קעשענעס, א העל־רויט היטל פעררוקט אויף הונטן. זומער א ווייסן אויבעררעאָק, מיט ווייסע שיך, מיט א ליליע אין לאַץ אין א קליין שטעקעלע אין דער האנד. אנ׳אמתער דאָן־זשואַן, א יעגער נאָך פרויען. ער לאָזט נישט דורך קיין איין מיידל. זיינע קלוגע, שמייכלענדיגע אויגן קוקן יעו־ער איינער אריין אין געזיכט. פאר יעדער האָט ער אנ׳אַנדער נאָמען:

— אָט דאָ געהט ווענוס, דאָס איז אָפעליא, דאָס איז בעאַטריטשע און יענע, יענע, זע נאָר, ווייזט ער אָן מיט דער האנד, — זי מוז אייביג שוואנגער זיין, ס׳איז די געטין עשתורת!...

און הגם ער רערקערט אין בערלין אויך אין די אַריסטאָקראַטישע הייזער, וואו מען גיט אים אָב כבוד — איז זיין ליידנשאַפט־יכע נשמה פערבינדן מיט פרויען פון לייכטער אויפפירונג. ער זשענירט זיך נישט. ער פערברענגט גאנצע נעכט אין קאַבאַרעטן אין רעסטאָראַנען און געניסט פון אלעם, וואָס דאָס לעבן האָט צוגעגרייט.

דאָס אלץ רופט זיך ענדליך אָב אויף זיין געזונד. ער דערפילט זיך שוואַך און מוז פאָרן אין די האַרץ־בערג זיך דערהאָלן. דאָ, אין די פרעכטיגע געגנדן, שרייבט ער אָן די שעהנסטע רייזע־שילדערונגען און לידער, וועלכע מאַכן אים געוואַלדיג בערימט. ער ווערט געקרוינט אלס איינער פון די גרעסטע דיכטער אין דייטשלאַנד.

אָבער אים פּלאָגט איין זאַך: ער פילט זיך שטענדיג זעהר שלעכט צווישן די קריסטליכע קרייזן, וואו ער בעהערט. מען זאָגט עס אים נישט אָפן, אָבער ער זעט, אז די אויגן פון זיינע בעקאַנטע קוקן אויף אים מיט אונצופרידי. ער פילט זיך פרעמד צווישן זיי. ער הערט אָפט מיט וואָס פאר א האַס און חוזק זיינע פריינד רעדן וועגן יודן. און ער, היינע, איז דאָך א יוד, חוזקט מען, הייסט עס, אויך פון אים?

— אלס יוד וועל איך קיין גרויסע קאַריערע נישט מאַכן, —

טראַכט ער נישט איינמאָל בײַ זיך, — מײַן ייִדישקייט איז פֿאַר מיר אַ לאַסט, אַ שווערקייט.

ער פֿירט מיט זיך אַ שווערן קאַמף. ער פֿערשטעהט די בעדייטונג פֿון דעם דאָזיגן שריט. שיידן זיך, הייסט איבער־רייסן יעדן פֿאַדים מיט דעם פֿאָלק, צו וועלכן ער געהערט: אָבער זײַן צוקונפֿט, זײַן צוקונפֿט שטעהט דאָך אין געפֿאַר! וואָס זאָל ער אויסוועהלן? ער געהט אַרום גאַנצענע נעכט איבער זײַן צימער און טראַכט וועגן דער דאָזיגער שווערער פֿראַגע. ענדליך בעשליסט ער: שמדן זיך! נישטאָ קיין ברירה.

און דער פֿינף און צוואַנציג יעריגער היינריך היינע געהט אַרײַן אין אַן עוואַנגעלישער קירכע און שטעלט זיך אויס אַ צייגניש, אַז פֿון היינט אָן געהערט ער צום קריסט־טום.

— פֿאַרוואָס האָסטו עס געטון? — האָבן אים אַ סך פֿון זײַנע ייִדישע פֿריינד געפֿרעגט.

— איך בין אַ דיכטער, — האָט ער געענטפֿערט, — דער טויף־שיין איז דער אַרײַנגאַנגס־בילעט אין דער אייראָ־פּייאישער ליטעראַטור.

ער האָט שפּעטער אָפֿט בעדויערט דעם דאָזיגן פֿאַלשן שריט. ער האָט דערפֿילט, אַז ער איז פֿערהאַסט פֿון ביידע וועלטן. די קריסטליכע וועלט האָט אים ווייטער פֿיינד גע־האַט פֿאַר זײַנע שאַרפֿע, בייסנדיגע לידער און די ייִדישע וועלט האָט אים נישט געקאָנט מוחל זײַן זײַן שמדן זיך. און אַז ער איז וועלגן שפּעטער אין שרעקליכע ליידן אויף זײַן קראַנקן־בעט, האָט ער אָנגעשריבן די דאָזיגע שורות, וועלכע בעווייזן, ווי בעדויערט ער האָט זײַן טאַט: „נישט קיין מעסע וועט מען זינגען, נישט קיין קדיש וועט מען זאָגן, נישט גע־זאָגט און נישט געזונגען וועט ווערן אין מײַן שעה פֿון שטאַרבן".

אָבער היינע פֿערגעסט שנעל אין זײַן טאַט. שפּעטער וועט ער זיך דערמאָנען, ווען דער טויט וועט זײַן נאָענט. אָבער איצט רופֿט דאָס לעבן, איצט ווערט זײַן נאָמען בע־רימטער פֿון טאָג צו טאָג. ער בעקומט מאָסן פֿערערער און

אויך מאַכן ... שונאים. ווייל ער שוינט קיינעם נישט. ער איז אַזוי בייסיק און שניידיק, אַז יעדע שורה זיינע מאַכט אַ תּל פון זיינע שונאים. ער הויבט אויך אָן אָבצולאַכן פון די דייטשן, פון זייער גראָבקייט און טעמפּקייט און קויפט זיך איין אַנ־אָרמעע פון שונאים אין אַלע דייטשישע מלוכות. די צענזור קאָנפיסקירט עטליכע מאָל זיינע ביכער. אָבער דאָס שרעקט אים נישט אָב. מיט נאָך אַ גרעסערער פערביסנקייט וואַרפט ער זיך אויף זיינע געגנער און מאַכט פון זיי אַ באַרג אַש.

די מאַכט זעט זיך געצוואונגען אים צו מאַכן בעמער־קונגען, אַז ער זאָל אַביסל איינצוימען זיין אַבחוזק'ן פון אַלע אָנגענומענע כללים. מען דראָט אים מיט'ן ארויסשיקן פון לאַנד. היינע וואַרט נישט דערויף. אין איין שעהנעם טאָג הויבט ער זיך אויף און פאָרט אַוועק אין דער שטאָט פון טרוימען, אין דער שטאָט פון נאַפּאָלעאָן דעם גרויסן, וועלכן היינע האָט אַזוי ליב געהאַט. אין יאָר 1831 בעזעצט זיך היינע אויף שטענדיק אין פאַריז.

פון פאַריז איז ער ענטציקט. „ס'איז, זאָגט ער, אַ שטאָט, וועלכע פערמאָגט דעם זיסן אַנאַנאַס־אַראָמאַט פון העפליכ־קייט“. דאָ דערפילט ער ערשט, וואָס הייסט לעבן. מיט'ן גאַנצן ברען פון זיין ליידנשאַפטליכער נאַטור וואַרפט ער זיך אין תהום פון די פאַריזער קאַפע־שאַנטאַנען, לוסט, אָרגיעס און פרויען־וועלט. ער שיינט ממש פאַר פרייד. זיין פעטער שיקט אים צו רעגולער 4000 פראַנק אַ חודש, פון די פערלע־גער בעקומט ער אויך אַ היבשע סומע געלד. ער פערטראַכט זיך איבער קיין שום זאַך נישט. אים פאַלט נישט איין, וואָס פאַר אַנ'ערנסטע פאָלגן זיין איצטיק לעבן קאָן אים ברענגען. ער איז שעהן, שלאַנק, די פרויען רופן אים אָן אַפּאָלאָ — טאָ פאַרוואָס זאָל ער נישט נעמען די אַלע תענוגים, וואָס דאָס לעבן שענקט אים מיט אַזאַ ברייטער האַנד?

ער בעקענט זיך מיט אַ ריי פרויען פון דער פאַריזער אַריסטאָקראַטישער וועלט. אַלע זענען אין אים פערליבט, אַלע שטרעקן אויס צו אים זייערע אָרעמס. די יונגע פערהייראַטע

גרעפין קריסטינע בעלדזשאָזשאָסאָ פעררעט דעם מאַן, בכדי צו קאָנען געניסן פון היינעס צערטליכקייטן.

— ווען מיט מיר רעדט אַ פרוי, מוז זי זיך רויטלען, — זאָגט ער מיט אַ שמייכלענדיגער צופרידנקייט.

— פאַרוואָס? — פרעגן אים די פריינד.

— זי שעמט זיך מיר צו ערקלערן איר ליבע... — ענטפערט ער מיט אַ דאָן־זשואַנישן טריאומף.

אַ דאַנק זיין פעטערס רעקאָמענדאַציע בעקומט ער אויך אַנ'אַריינטריט אין די סאַלאָנען פון די פּאַריזער ראָטשילד'ס. נישטאָ קיין איין אָנגעזעהען הויז אין דער הויפט־שטאָדט פון פראַנקרייך, וואָס זאָל נישט שטעהן ברייט און אָפן פאַר דעם יודיש־דייטשישן דיכטער, נישטאָ קיין איין פרוי פון אדל, פון גרעפינס און באַראָנעסעס, וועלכע זאָלן שטילערהייט נישט טרוימען און בענקען נאָך זיינע צערטליכקייטן. און ער זאָגט קיינעם נישט אָב. זיין פלאַמענדיגער גייסט טוישט די ליבעס שנעלער, ווי זיין קערפער טוישט די אָנצוגן. ער זעטיגט זיך שנעל אָן און גאַרט נאָך אַלץ נייע און נייע פרויען.

אָבער פלוצלונג שווימט אויף אַנ'איינפאַך פרויען־געשטאַלט, אַ פשוט קינד פון פאָלק, וועלכעס בעהערשט אים אינגאַנצן און בלייבט שוין זיין לעבנס־בעגלייטערן ביזן לעצטן טאָג פון זיין טויט.

אין אַנ'אָקטאָבער־טאָג פון 1834 איז היינע פערבייגעגאַנגען פאַר אַ קליין געוועלבל פון פאַנטאָפל. ער האָט דורכן פענסטער דערזען דאָרט אַ יונגע, זיבעצן־יעריגע פערקויפערין, אַ וואונדער־שעהנע פּאַריזערין, וועלכע האָט תיכף געפאַנגען זיין נשמה. ער האָט שוין נישט גערוט. ער איז עטליכע מאָל פערבייגעגאַנגען דאָס געוועלבל און ענדליך אַהין אַריינגעגאַנגען.

— איך וויל קויפן אַ פאָר פאַנטאָפל, — האָט ער געזאָגט און ווען די יונגע פערקויפערין האָט אַנידערגעקניט, בכדי אים אָנצומעסטן די פאַנטאָפל, האָט ער אַ כאַפּ געטון איר קאָפּ אין זיינע הענד און בעשאָטן מיט קושן.

— איך האָב אייך ליב, פרייליין! איר מוזט זיין מיי־
נע! מיינע!

דאָס יונגע מיידל איז לכתחילה געוואָרן איבערראַשט, אָבער ווען זי האָט דערזען, ווי דער דאָזיגער פּאַרנעמער, רייך־געקליידערטער, שעהנער לאָזט זי נישט אָב און בעט זי אויף אַ „ראַנדעוואו", האָט זי מסכים געווען אויף אַלע זיינע פאָרשלאָגן.

דאָס פּשוט'ע פאָלקס־מיידל איז אין עטליכע טעג אַרום געוואָרן די געליבטע פון דעם גרויסן דיכטער. זי האָט זיך איבערגעקליבן אין זיין וואוינונג און זיי האָבן געלעבט צו־זאַמען, ווי צוויי גליקליכע טויבן. דיזאָזיגע פרוי, וועלכע איז געווען יונגער פאַר אים מיט גאַנצע זיבעצן יאָר, האָט אַזוי בעהערשט זיין גאַנץ וועזן, אַז ער האָט אויפגעהערט צו בע־זוכן די אַריסטאָקראַטישע סאַלאָנען און פערגעסן אָן אַלע ליבעס מיט זיינע אומצעהליגע פרויען.

מאַטילדאַ מיראַ, אַזוי האָט זי געהייסן, איז געווען אַ לעבנס־לוסטיג, וואויוועדיג קינד. זי האָט נישט געקאָנט נישט לייענען און נישט שרייבן. זי האָט ליב געהאַט טענץ, לייכטע מוזיק אין צירק. וועגן דעם, אַז איר געליבטער איז אַ גרויסער און בערימטער שרייבער, האָט זי נישט געוואָלט וויסן. דידאָ־זיגע זאַך איז איר וויינינג אָנגעגאַנגען. זי האָט אים ליב גע־האַט, אַזוי ווי ער איז, צוליב זיינע מעלות אַלס שעהנער מאַן. און, ווי יעדע פרוי פון פאָלק, איז זי אים געווען טריי און איבערגעגעבן. זי פלעגט אים פון צייט צו צייט פערראַטן, אָבער זיך נישט אָבגעגבן פון דעם קיין דין־וחשבון. זי האָט ליב געהאַט פערשידענע שפּילצייג, שעהנע קליידער, צירונג און טענץ. און אויב היינע פלעגט טיילמאָל זיך געפינען אין אַ שווערער מאַטעריעלער לאַגע, פלעגט מאַטילדע אַוועקגעהן צו אַנדערע מענער, זיי זאָלן איר קויפן די געפאָדערטע זאַכן און דערפאַר זיי געשענקט אירע צערטליכקייטן. דערנאָך פלעגט זי קומען צום דיכטער און, וויינענדיג, אַרויפשפּרינגען אויף זיינע קני, אים געגומען צערטלען און געבעטן:

— אנרי, אנרי, שוין, שוין, מאַטילדע וועט שוין שטענ־דיג בלייבן ביי דיר, אָ, מיין טייער יונגעלע, מיין ליבער אנרי!

ער האָט אויף איר געוואָלט זיין ביי ער האָט אָפּט גע־וואָלט מיט איר געוואָלט איבעררייסן, אָבער איר אונשול־דיגער, האַרציגער שמייכל, איר ווארימער, צאַפּלדיגער קער־פּער, האָבן שטענדיג צונישט געמאַכט זיין כעס.

עס האָבן נישט געהאָלפן די פּראָוואָרפן פון זיינע אַנ־געזעענע פריינד, אַז עס פּאַסט נישט פאַר אַזאַ אָנגעזעהענעם מאַן, ווי היינע איז, צו פערבינדן זיך מיט אַזאַ נישטיגער פרוי, ווי מאַטילדע; עס האָבן נישט געהאָלפן די טרערן און די ליידנשאַפטליכע ליבעס־בריף פון דער גרעפין בעלדזשאָ־זשאָסאָ און אַנדערע אָנגעזעענע פרויען פון פּאַריז. „ווי קומט איר, האָבן אַ סך צו אים געשריבן, צו אַזאַ נידעריגער פרוי, וועלכע פערשטעהט אייך נישט, פילט אייך נישט, קאָן אפילו נישט דורכלייענען קיין איין ליד אייערס“! עס האָט נישט געהאָלפן. די ליבע ווייסט נישט פון אונטערשידן. היינע האָט דאָס געוואוסט. און, ווי ער וואָלט אלעמען געוואָלט געבן אַנ־ענטפער, ווי שטאַרק ער האָט ליב מאַטילדען, האָט ער אין יאָר 1841 אָפיציעל מיט איר חתונה געהאַט. די געוועהנלי־כע פאַנטאַפל־פערקויפערין איז געוואָרן די געזעצליכע פרוי פון דעם גרעסטן לירישן פּאָעט!

היינע וואָלט זיך איצט געקאָנט רוהיג און גליקליך לעבן מיט זיין שעהנער מאַטילדען, וועלכע ער פלעגט רופן „דער וואולקאַן פון מיין שטוב“, אַזוי פרעהליך און לוסטיג האָט זי געמאַכט זיינע טעג. אָבער דער סיפילים־גיפט האָט אים דער־מאָנט, אַז ער האָט אויך אַ דעה איבער זיין לעבן. די אָר־גיעס, די תאוה־נעכט, די הונדערטער פרויען־אָרעמס זענען איצט געקומען נאָך נקמה. אַ שרעקליך לעבן האָט זיך אָנגע־הויבן יאָרן פון אינקוויזיציע־ליידן.

דער רוקן־מאַרך האָט אים אָנגעהויבן אויסצוטריקענען, דער חוט־השדרה האָט זיך גענומען אויסצוקרומען, די פיס זענען געוואָרן פּאַראַליזירט און אַלע איברים האָבן זיך אָנגע־

הויבן פונאנדערצופאלן. ער האט זיך געלייגט אין בעט. נאר איינמאל איז ער במשך פון די צוועלף יאר אויפגעשטאנען פון זיין בעט, דאס איז געווען דאמאלס, ווען ער איז געגאנגען תפילה טון אין לובר צו דער ווענוס. מער האט ער די ליכטיגע שיין נישט אנגעזעהן. ער איז געלעגן אין זיין לעבעדיגן קבר און געדולדיג, מיט א סארקאסטישן, ביטערן שמייכל געווארט אויפ'ן טויט. נישט געקוקט אויף זיינע שרעקליכע יסורים, האט ער געשריבן ביז צו די לעצטע טעג פון זיין לעבן. דער מוח איז ביי אים געווען קלאר. בלויז דער קערפער און דער רוקן־מארך זענען צעפערעסן געווארן פון די סיפיליס־באצילן.

ווי א געטרייע מאמע איז מאטילדע כסדר געזעסן נעבן זיין בעט, זי האט אים נישט פערלאזט אויף קיין איין מינוט. דאס פשוט'ע פאלקס־קינד איז געווען מיט אים צוזאמען אין זיינע ליידן און אין זיינע פריידן. קיינער האט אים נישט אזוי פערזיסט די ביטערע יארן פון זיין לעבן, ווי זיין מאטילדע. ערשט בעת זיין לאנג־יעריגער קראנקהייט האט זיך ארויסגעוויזן, ווי געטריי און אידעאל זי איז אים געווען, וואס פאר אנ'אונבעפלעקטן כאראקטער זי האט פערמאגט.

דעם 16־טן פעברואר 1856 האט ער געבעטן:

— נאנאטא! (אזוי פלעגט ער רופן מאטילדען) גיב מיר פאפיר און בלייפעדער!

אבער דאס זענען שוין געווען זיינע לעצטע ווערטער. דער האלב איינגעדרעהטער קערפער איז אנידערגעפאלן אויפן געלעגער. ס'האט זיך אנגעהויבן די גסיסה, וועלכע האט געדויערט ביז פיר א זייגער פארטאג. דעם 17־טן פעברואר האט שוין דער גרויסער דיכטער נישט געלעבט. דער סיפיליטישער מלאך המות האט אים ענדליך בייגעקומען.

ער האט אנגעהויבן זיין לעבן, ווי א גליקליכער פרינץ און אויסגעגאנגען אין די שרעקליכע נעגל פון סיפיליס. ער האט געוואלט געניסן פון אלע תענוגים און דערפאר געצאלט א שוידערליכע קאנטריבוציע: צוועלף יאר זיין לעבעדיג בע־גראבן! קיין שרעקליכערע שטראף קאן שוין נישט זיין!

# דער פערמשפּטער אַריסטאָקראַט

אין אַ תּפיסה־קאַמער אונטער לאָנדאָן. אַן׳ענגע קאַמער מיט אַ קליין פערקראַטעוועט פענסטערל. די ווענד זענען נאַס, די פּאָדלאָגע פון שטיין. אַ בלאַסער אָבשיין פון דרויסנדיגן שעהנעם טאָג דרינגט אַהער אריין. אין די קאָרידאָרן הערט מען בלויז די טריט פון די שליסער און דעם געקלאַנג פון שליסלען.

אין אַ ווינקל פון דער איינצלקאַמער זיצט אַן׳איינגעהויקערטער מענש און שרייבט נערוועז אויף בלויע בייגעלעך פּאַפּיר. זיין פּנים מיט איידעלע שטריכן פון אַן׳אַריסטאָקראַט איז בלאַס, אונטער די אויגן שוואַרצע רינגלעך, ווי דער מענש וואָלט לאַנג געוויינט. זיינע פּלייצעס צוקן אַלע ווײַלע נערוועז אויף און אַ שווערער זיפץ רייסט זיך אַרויס פון זיין ברוסט.

איז דאָס אַ געפערליכער פערברעכער, וועלכער זיצט אָבּ זיין שטראָף פאַר אַ מאָרד? איז עס אַ לאַנגיעריגער רויבער? די שטריכן פון זיין געזיכט זענען דאָך אָבער אַזעלכע איידעלע, אין זיינע אויגן ליגט בעהאַלטן אַזויפיל צער און וויטאָג?

ס׳איז אָסקאַר אוּאײַלד — דער שענסטער, דער גייסטרייכסטער, דער עלעגאַנטעסטער דיכטער פון זיין צייט.

ער איז געווען אַן׳אַריכטאָקראַט פון בלוט און פלייש. ער האָט זיך שטענדיג געפונען אויף די העכסטע שטאַפּלען פון לעבן. ווי אַ קעניג פלעגט ער אַרומשפּאַצירן איבער די לאָנדאָנער גאַסן און ציען די בלויליכע קייקעלעך רויך פון זיין פּאַפּיראָס. אַלע פלעגן זיך פאַר אים בוקן. בעזונדערס דאַמען פלעגן אים שענקען זייערע שענסטע שמייכלען. דאָס גליק האָט אים געשמייכלט פון סאַמע וויגעלע אָן.

ער איז געבוירן געוואָרן ביי אַ רייכער לאָרדן־פאַמיליע און בעקומען אַן׳ערציהונג, ווי עס פּאַסט פאַר אַ קינד פון דער העכסטער ענגלישער אַריסטאָקראַטיע. זיין גאַלאַנטע האַל־

טונג, זיין מאַיעסטעטיש געזיכט פון אַ לעגענדאַ־יִשן פּרינץ האָט אויף אים געצויגן אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט. נאָך אַלס יונגער בחור האָט ער שוין געשפּילט די הויפּט־ראָליע אין זיין קרייז פון פריינד און בעקאַנטע.

ער האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע צו געניסן פון די אַלע אוצרות, וואָס זיין רייך לעבן האָט אים געגעבן. די יוגנד־יאָרן זענען דעריבער אַדורך ביי אים. ווי ביי פיל יונגע רייכע מענשן, אין אויסערגעוועהנליכע הוליאַנקעס און פערשידענע ליבעס־אַוואַנטורעס מיט פרויען. צוזאַמען מיט די סטודענטן פון אָקספאָרדער און קעמברידזשער אוניווערזיטעטן, פלעגט ער ליב האָבן צו פערברענגען אין די געהיימע אָפּיום־הייזלעך פון לאָנדאָן, אין די אָריענטאַלישע קוואַרטאַלן, וואו ברוינ־הויטיגע אַראַבערינס און אינדיערינס ווינקן צו מיט זייערע שוואַרצע אויגן צו די פערבייגעהער.

ער האָט אויסערגעוועהנליך ליב געהאַט דאָס עקזאָטישע. דאָס אויסטערלישע. קיין שום נאַטירליכע זאַך וואָט אים נישט בעפרידיגט. דער טונקעלער קערפּער פון אַנ׳אַראַבישער פרוי האָט מער גערייצט זיינע איבערגעזעטיגטע חושים, ווי דער ווייסער קערפּער פון אַנ׳איירלאָנדיאישער פרוי. ער האָט געזוכט פערשידענע אויסטערלישע צופאַלן אין לעבן און דאָס פלעגט אים פערשאַפן אַ געוואַלדיג פערגעניגן.

די פרויען פון די לאָרדן פלעגן אים פערגעטערן, אָבער ער איז געווען צו זיי פולשטענדיג גלייכגילטיג. קיין שום פרוי האָט שוין נישט געקאָנט בעפרידיגן דעם דאָזיגן אויסערגע־וועהנליכן מענש.

— ליבע איז שוין אַ צו פּראָזאַאישע זאַך, — האָט ער זיך איינמאָל אָנגערופן צו זיין פריינד, דעם לאָרד ראָבערט.

— די ליבע צו אַ פרוי איז אַ פּראָזאַאישע זאַך? — האָט יענער זיך שטאַרק פערוואונדערט. — דער שענסטער יום־טוב פון אונזער לעבן איז דאָך נאָר דאַמאָלס, ווען מיר ליבן.

— יאָ, אמת, אָבער נאָר נישט קיין פּרוי, נאָר נישט קיין פּרוי... — האָט אוֹאיילד אָבגעענטפערט.

— איז דען דאָ אַן'אַנדער ווען אויף דער וועלט? האָ, אָסקאַר?

— מ'מוז עס אויסטראַכטן. — האָט ער געזאָגט מיט פולער בעדייטונג.

אין זיינע ווערק, וועלכע ער האָט איבערגעלאָזט, האָט ער נישט איינמאָל בעשריבן אַזאַ ליבע. אָבער די דאָזיגע ליבע איז נישט געווען קיין אויסגעטראַכטע. זי האָט עגזיסטירט און עגזיסטירט היינט אויך. אָבער דער שטראָף־קאָדעקס אין ענגלאַנד פערמשפּט פאַר דער דאָזיגער ליבע אויף צוויי יאָר תּפיסה.

וואָס איז דאָס פאַר אַ מין ליבע?

ווען מיר וועלן בעטראַכטן דעם ווייטערדיגן לעבנס־לויף פון דעם דאָזיגן אַריסטאָקראַטישן דיכטער וועלן מיר דאַמאָלס בעקומען דערויף אַן'ענטפער.

אָסקאַר אוֹאיילד האָט פערהעלטניסמעסיג ווייניג געשאַפן. ער איז מער געווען פערנומען מיט די פּראָבלעמען פון שעהנקייט אין לעבן גופא. זיין שטאַרקסטער אַני־מאַמין איז געווען, אַז קיין גוטע זאַכן זענען נישטאָ אויף דער וועלט. עס זענען נאָר דאָ בלויז שעהנע און מיאוסע זאַכן. ער האָט געזוכט בלויז שעהנקייט און, בעזיצנדיג גרויסע מאַטעריעלע מעגליכקייטן, האָט ער זיי אָפט געקאָנט דערגרייכן. זיין סאַלאָן איז געווען אויסגעצירט, ווי אַ מזרח־פּאַלאַץ. ער האָט זיך נישט אָבגעשטעלט פאַר קיין שום מיטלען, כדי צו בעקומען די קאָסטבאַרסטע אוצרות. אַלץ, וואָס זיין אויג האָט געגלוסט, האָט ער דערגרייכט.

איינמאָל קומט ער צו זיינע פריינד מיט אַ פּלאַן וועגן אויספיינערן די הלבשה פון די מענער. די מאָנאָטאָנקייט פון אונזער יאָרהונדערט, טענהט ער, זענען אַזוי צוגעלאָזן אין זייער קליידונג! און כדי צו אַגיטירן פאַר זיינע מאָדע־איינפאַלן, ווערט ער אַ רעדאַקטאָר פון אַ מאָדע־זשורנאַל. ער געפינט

אײן, אז אַ שעהנע קלײדונג פֿון אַ מאַן האָט אין זיך די העכ־סטע עסטעטישע מעלות. בכלל האָט אים דער מאַן אינ־טערעסירט מער, װי די פּרוי און דערפֿאַר האָט ער זײַן אײגענעם מין געװידמעט מער אױפֿמערקזאַמקײט.

פֿון צײַט צו צײַט פֿלעגט ער זיך אָבטײלן פֿון זײַנע בע־קאַנטע לאָרדן און אַנ'אײנזאַמער אַװעקבלאָנדזשן אין די בע־האַלטענע ערטער פֿון די לאָנדאָנער אונטערגעסלעך, װאו די הײם־בלוטיגע אַראַבערינס האָבן אים שױן געקאַנט און פֿער־שטאַנען זײַנע פֿערלאַנגען. אין אָט יענע סודותפֿולע, מזרח־דיגע נעסטן האָט זיך אין זײַן אַריסטאָקראַטיש בלוט אַרײַנבע־קומען דער טױטליכער סם פֿון סיפֿילים. די מזרח־פֿעלקער לײַדן אַ סך מער, װי מיר אײראָפּײער, פֿון דער דאָזיגער פּלאָג. אױפֿ'ן מזרח װערן נישט אָבגעהיטן די מינדסטע היגיענישע בעדינגונגען, מען װײסט אפֿילו נישט, אַז די קראַנקהײט איז אַנשטעקנדיג. מען נעמט עס אױף, װי אַ שטראָף פֿון גאָט. און די ברױן־הױטיגע אַראַבערינס און אינדיערינס, װעלכע קו־מען קײן אײראָפּאַ, כדי צו ברענגען הײסע ליבע פֿאַר די קאַל־טע אײראָפּײער ברענגען אױך מיט אין זײער בלוט דעם שרעק־ליכן גיפֿט. זײ ברענגען מיט אין געהײם אָפּיום און ... סי־פֿילים.

דער שעהנער, גײסטרײַכער דענדי (ענגלישער גאַלאַנ־טער בחור) אָואײלד האָט גאָרנישט געװאוסט, אַז אין אים הױבט זיך אָן צו ענטװיקלען אַ סם, װאָס װעט גיך איבער־האַקן זײַן לעבנס־פֿאָדים.

נישט קוקנדיג דערױף, װאָס ער בלײַבט אָפֿט גלײַכגיל־טיג צו פֿרױען, בעשליסט ער חתונה צו האָבן. די כללים פֿון אַריסטאָקראַטישן עטיקעט ערלױבן נישט צו בלײַבן אַנ'אַל־טער בחור. און אָואײלד איז דאָך קודם כל אַריסטאָקראַט! ער האָט חתונה מיט אַ יונגער, שעהנער ענגלענדערין, װעלכע פֿערגעטערט לכתחילה איר מאַן. זי שענקט אים אױך אַ קינד. אָבער זײער צוזאַמענלעבן װערט באַלד אין די ערשטע יאָרן נאָך זײער חתונה פֿערװאַנדלט אין אַנ'אומגליק.

דער גייסטרייכער מענש געפינט איין, אז די ליבע צו א פרוי איז לאַנגווייליג און ער דערפילט אין זיין נשמה, אַז שטאַרק, ערנסט און מיט ליידנשאַפט קאָן א מאַן ליבן ... נאָר א מאַן. ער ווייסט נישט פון וואַנען, נאָר ער פילט, אז ער איז נישט גלייכגילטיג צו דעם יונגען, חנודיגן לאָרד דוגלאַס. ער וואָלט אים אזוי אָפט געקושט און געהאַלזט. ער איז אפילו אייפערזיכטיג, ווען אנדערע מענער רעדן צו אים.

אואיילד הויבט זיך אָן צו דערנענטערן צו דעם יונגען לאָרד דוגלאַס, וועלכער איז נאָך זעהר א נאַאיווער און איז פול מיט ערע און אכטונג פאַרן גרויסן דיכטער. עס טרעפט אָפט, אז אואיילד קומט נישט א היים גאַנצע נעכט, ווייל ער געפינט זיך אין דער געזעלשאַפט פון לאָרד דוגלאַס. זיי מאַכן לאַנגע שפּאַצירן איבער די אומגעגנדן פון לאָנדאָן און זענען פערטיפט אין לאַנגע שמועסן וועגן זייער ביידנס צוקונפט. דער יונגער לאָרד איז ענטציקט פון אואיילדס פרעכטיגן דער־צעהלן, ער פאַלט אינגאַנצן אַרונטער אונטער זיין איינפלוס און איז ווי אין שיכרות פון דעם דיכטערס בעגייסטערט רעדן.

אזוי רעדט א מאַן צו א פרוי, אזוי ווערט מיטגעריסן א מאַן פון דער שעהנקייט פון א פרוי. א־ער דאָ האָט גערעדט א מאַן צו א מאַן, א מאַן פאַר א מאַן האָט דערצעהלט דעם סוד פון ליבע.

— דוגלאַס, דוגלאַס, איך וויל קוקן אין אייערע אויגן, איר האָט אזעלכע שעהנע אויגן, ווי צוויי פרעכטיגע שמאַ־ראַגדן!

אואיילד רעדט אַרויס דידאָזיגע ווערטער מיט א דער־הויבענע ענטציקונג און נעמט אָ דעם יונגען לאָרד פאַר׳ן קאָפּ, קוקט אים אריין טיף אין זיינע פערוואונדערטע אויגן; און פלוצלונג פרעסט ער אָב אויף זיינע ליפּן א קוש פול מיט ליידנשאַפט און עקסטאַז.

פון דאַמאָלס אָן פערברענגען ביידע מענער צוזאַמען. דער יונגער דוגלאַס זוכט אָפט אואיילדן, כדי זיך צו בעגייסטער־ן פון זיינע מאָדנע, נישט נאָרמאַלע צערטליכקייטן, כדי צו

הערן אוּאיילדס ווערטער פוּל מיט ליבע. דער יוּנגער לאָרד קאָן זיך נאָך נישט אָפּגעבן קיין דין־וחשבון, וואָס דאָ קומט פאָר. ער פילט אָבער, אַז ער געפינט זיך אונטער דער היפּנאָטישער קראַפט פון דעם דיכטער, אַז ער וועט זיך שוין פון זיין איינפלוס נישט בעפרייען.

זיי בעמיען זיך צו זיין וויט פון דער געזעלשאַפט, זיי פילן אינסטינקטיוו, אַז זייביידע בעגעהן עפּעס אַ פערברעכן. וואָס איז דאָס פאַר אַ פערברעכן? זיי ווייסן נישט. אָבער איינס ווייסן זיי, אַז זייער צוזאַמענזיין דאַרף זיין בסוד סודות פאַר חער געזעלשאַפט, בעזונדערס שטאַרק און ערנסט פילט עס אוּאיילד גופא.

— מיין טייערער דוגלאַס, מיר וועלן זיך שוין קיינמאָל נישט שיידן! קיינמאָל נישט!

— ניין, מיין גרויסער מייסטער! — ענטפערט דוגלאַס און האַלזט אַרום זיין פריינד. ביידע שמייכלען צו זיך פון פרייד.

אָבער דער יוּנגער לאָרד האָט אין אַ געוויסן אָוונד דערפילט אַ נישט אָנגענעם געפיל. ער האָט זיך דערשראָקן. ער האָט עס נישט געקאָנט תופס זיין, אָבער דאָך איז ער געווען פוּל מיט שרעק. — און מיר וועלן דאַרפן אַזוי ווייטער... לעבן? — האָט ער געפרעגט זיין עלטערן חבר.

— מיר האָבן זיך דאָך ליב! — האָט אוּאיילד אָבגעענטפערט.

סוף כל סוף האָט זיך די געזעלשאַפט דערוואוּסט. אַ סברה, אַז לאָרד דוגלאַס גופא האָט אַלץ אויסגעזאָגט. בעזונדערס איז שטאַרק געוואָרן אויפגעפאַלנד דער פאַקט, וואָס די ביידע פריינד פערברענגען צוזאַמען גאַנצע נעכט. ס'איז געוואָרן אַ גרויסער סקאַנדאַל. די געזעלשאַפט איז געוואָרן אויפגערודערט. דער ענין איז דערגאַנגען צו דער פּראָקוראַטור און דער דיכטער פון שעהנעם און דערהאַבענעם איז אַוועקגעזעצט געוואָרן אויף הער בעשולדיגונגס־באַנק. דער בעשולדיגונגס־

אקט האָט געלויטעט: האָמאָסעקסואַליזם, ליבעס־בעציהונגען צווישן צוויי מע:ער!

פון דער העכסטער הויך איז אואיילד מיטאמאָל אַראָב־געשליידערט געוואָרן אין די טיפע אָבגרונדן פון מענשליכע אונריינקייטן. קאָן דען זיין אַ גרעסערער פּאַטש אין פּנים, אַ שרעקליכערע חרפה, ווי דאָס דאָזיגע? און פאַר וועמען? פאַר דעם גרעסטן אַריסטאָקראַט, פאַר דעם גייסטרייכן דיכטער, פאַר דעם אָבגאָט פון אַלע ענגלישע דאַמען!

ער ווערט געמשפּט, ווי אַ פערברעכער. ווען מען פירט אים אויף דער גאַס אין געריכטס־זאַל אַריין לויפן־צו זיינע פריערדיגע פערערערינס און שרייען אים עפנטליך אין פּנים אַריין:

— האָמאָסעקסואַליסט! פערברעכער!

גאַנץ לאָנדאָן איז אויפגעקאָכט מיטן פּראָצעס. קיינער וואָלט זיך עס נישט געקאָנט צוגלויבן, אַז דער עלעגאַנטער, שאַרפזיניגער מאַן, דער הער מיט אַזעלכע פיינע מאַניערן, דער קעניג אין דער לאָנדאָנער העכערער געזעלשאַפט זאָל זיין אַזאַ... שרעקליכער אויסוואורף. מיט קיין אַנדער נאָמען האָט אים די פרומע ענגלישע געזעלשאַפט נישט אָנגערופן דאַמאָלס, נאָר, „אויסוואורף“.

אואיילד ווערט פערמשפּט אויף צוויי יאָר שווערע תּפיסה. חוץ דעם ערקלערט דאָס געריכט פאַר אונגילטיג די חתונה מיט זיין פרוי, עס ווערט אים אויך אָבגעזאָגט די פאָטערליכע רעכט אויף זיין קינד. ער ווערט אַריינגעלייגט אין פולשטענדיגן געזעלשאַפטליכן חרם ער ווערט אַרויסגעוואָרפן פון דער געזעל־שאַפט, ווי אַן'אונריינע זאַך.

אָבער דאָס געריכט ווייסט נישט, אַז אואיילד איז שוין פערמשפּט, אַז אַ גרויזאַמער ריכטער האָט אים פעראורטיילט אויף אַ פריצייטיגן טויט: דער ריכטער — סיפילים, דער תּלין פון דער מענשהייט. די דאָזיגע פּלאָג ווערט פערהוילן און קיי־נער ווייסט נישט פון איר. מען משפּט אַ מענש, אָבער שוין אַ פ ע ר מ ש פּ ט ן.

ווי נאָר אָסקאַר ווײַלד קומט אַרײַן אין תּפֿיסה, הויבט תּיכּף די קראַנקהײט אָן צו פּראָגרעסירן. די צוויי יאָר פֿון תּפֿיסה־לעבן האָבן אים אַזויפֿיל נישט אויסגעמאַטערט, ווי די פֿאָלגן פֿון דעם שרעקלעכן גיפֿט. און דערנאָך, אַרויסגעהענדיק פֿון תּפֿיסה, האַלט אים די קראַנקהײט אַזוי פֿעסט אין אירע נעגל, אַז ער איז נישט בכּוח מער גײַסטיק צו אַרבעטן. ער בעקומט געהירן־פֿאַרווייכונג און זײַן פֿעדער שאַפֿט שוין מער גאָרנישט.

ווען ער ווערט בעפֿרײַט פֿון תּפֿיסה, פֿאָרט ער תּיכּף אַוועק קיין אויסלאַנד, קײן איטאַליען צוזאַמען מיט'ן ... לאָרד דוגלאַס. זײַן לײַדנשאַפֿט צו דעם דאָזיקן יונגן לאָרד הערט נישט אויף. ער וויל זיך בעפֿרײַען פֿון זײַן קרבן, אָבער עס ציט אים, ווי אַ מאַגנעט. ענדליך אַנטלויפֿט ער פֿון אים קײן פּאַריז און בעזעצט זיך ערגיץ אין אַ פֿאַרוואָרפֿן געסל. ער לעבט איצט ווי אַ בעטלער, אַ פֿאַרגעסענער און פֿאַראַכטעטער פֿון אַלעם.

ער וויל מאַכן אַן עק'אָנשטרענגונג. אפֿשר וועט זיך אים פֿאָרט אײַנגעבן אויסצוקויפֿן פֿון זײַנע זינד, תּשובֿה טון און צוריק פֿירן אַ רויִקן לעבן. ער דראַפּעט זיך צוריק אַרויף אויף דער רויכער לייטער, פֿון וואַנען דאָס לעבן האָט אים אַזוי אומברחמנותדיק אַראָפּגעשלײַדערט. אָבער ניין! דער גײַסט וויל, נאָר ער איז געפּײַניקט פֿון קערפּער, וועלכער איז אויפֿגעפֿרעסן פֿון די סיפֿילים־משחיתים. עס קומט דער טויט, וועלכער רײַסט איבער דאָס דאָזיקע עלנדע, פּײַנלעכע לעבן. צוויי יאָר נאָכן אַרויסגעהן פֿון תּפֿיסה שטאַרבט ער ערגיץ אין אַ פּאַריזער בוידעם־שטיבל, אין 1900, אַבלעבנדיק 44 יאָר. זײַן ביאָגראַף פֿראַנק האַררים שטעלט פֿעסט, אַז „די דאָקטוירים האָבן בײַ אָסקאַר ווײַלדן שוין געהאַט אײַנגעפֿונען דעם דריטן סטאַדיום פֿון דער גרויליכער קראַנקהײט“.

וואָס פֿאַר אַ שווידערליכער גורל פֿון דעם אַריסטאָקראַטישסטן פֿון אַלע דיכטער, פֿון דעם גײַסטרײַכסטן פּאָעט אין

סוף פון לעצטן יאָרהונדערט! זיין טראַגישער סוף מאַכט אוים ציטערן יעדעם האַרץ.

## דאָס געוועזענע מוליער-יונגל

אין פאַריגן קאַפּיטל האָבן מיר געזען, ווי אַ מענש, וועל־כער האָט זיך געפונען אויפ׳ן העכסטן שטאַפּל פון דער מענש־ליכער געזעלשאַפט, איז מיט אַמאָל אַראָפּגעשליידערט געוואָרן אין אַן׳אָבגרונד. איצט וועלן מיר פערבייפירן פאַר די לעזער אַ געשטאַלט, וואָס האָט דורכגעמאַכט אַ פונקט פערקערטע ענט־וויקלונג. פון דעם טיפסטן מענשליכן עלנד און נויט, פון אָרימ־קייט און פערוואָגלטקייט איז אַ מענש אַרויף צו דער העכסטער הויך. פון אַן׳אָרימען קאָוואַלס אַ זון — אַ דיקטאַטאָר פון אַ לאַנד, אַ הערשער איבער מיליאָנען. זעלטענע מענשן מאַכן אַדורך אַזאַ קאַריערע און אַזוי בליצשנעל.

אין אַן׳איטאַליעניש דערפל דאָוויאַ איז אין יאָר 1883 ביי אַן׳אָרימען שמיד געבוירן געוואָרן אַ זון, וועמען מ׳האָט אַ נאָמען געגעבן בעניטאָ. אַלס קינד נאָך איז ער געווען אַן׳איינ־געשפּאַרטער, פערביסענער און ליב געהאַט אַוואַנטורעס. די לערער פון דער פאָלקס־שול, וויו ער האָט זיך געלערנט, פלעגן אויף אים זאָגן:

— בעניטאָס געוויסן איז שוואַרץ, ווי דער גיהינום.

מיט דעם קליינעם תלמיד פלעגן אָפט פּאַרקומען סקאַנ־דאַלן, געשלעגערייען. קיינער האָט אים נישט געטאָרט זאָגן עפעס אַ שלעכט וואָרט. דער טיגער האָט שוין יונגערהייט אַרויסגעוויזן זיינע קליינע נעגל.

דאָך האָט ער די פאָלקס־שול געענדיגט מיט אַן׳אויס־צייכענונג און בעשלאָסן צו ווערן אַ פאָלקס־לערער.

אַלס לערער האָט ער אַרויסגעוויזן שטאַרקע רעוואָלוציאָ־נערע נייגונגען. — איך האָב פיינד זעלבסטהערשער! — האָט געשריגן דער צוקונפטיגער דיקטאַטאָר. אַ לענגערע צייט האָט ער געאַרבייט אַלס לערער, אָבער ענדליך איז אים נמאס גע־וואָרן צו זיצן אין אַ קליין שטעדטעלע, אין איין שעהנעם פריי־

מאַרגן האָט זיך בעניטאָ אויפגעהויבן און אוועקגעוואָרן קיין שווייצאַריען.

דאָ הויבט זיך אָן פאַר אים אַ נײַ לעבן, אָבער אַ שווער און ביטער לעבן. נישט האָבנדיק קיין שום פאַך אין דער האַנט, האָט ער געמוזט אַרבייטן אַלס פּשוט'ער שוואַרצער אַרבייטער. אָבער נישט שטענדיק האָט ער בעקומען אַרבייט. ער, דער שפּעטערדיגער הערשער, האָט אָפט צוגעהונגערט און געשלאָפן אונטערן פרייען הימל, אונטער בריקן, נעבן אַ טויער, אָדער אויף אַ שוועל פון אַ געוועלב. ער האָט קוים פערדינט אויף טרוקן ברויט, פון וואַנען זאָל ער האָבן אויף אַ דירה?

לאָמיר הערן, וואָס מוסאָליני אַליין דערצעהלט וועגן דידאָזיגע יאָרן: „הונדערט און איין און צוואַנציג מאָל האָב איך געדאַרפט אַרויפקריכן אויפן צווייטן שטאָק פון אַ הויז, וואָס מ'האָט געמויערט. הונדערט און איין און צוואַציג מאָל טעגליך שלעפּן אויף זיך אַ משא מיט ציגל! אין אָוונד פלעגן מיר די אַקסלען וועה טון און געשוואָלן ווערן, געגעסן האָב איך עטליכע געבראָטענע קאַרטאָפל און אין די מלבושים זיך געוואָרפן אויף מיין געלעגער, וואָס איז בעשטאַנען פון אַביסל שטרוי".

אין אַזעלכע בעדינגונגען האָט ער געלעבט אין דער שווייץ. די טעג, ווען ער האָט פערדינט זענען געווען פאַר אים גליקליכע, אָבער עס זענען פערביי וואָכן, ווען דער צוקונפטיגער הערשער איבער איטאַליען, האָט געמוזט פערקויפן פון זיך די שיך, כדי עפּעס צו עסן און אַרומגעשלעפּט זיך באָרוועס איבער די גאַסן... ער האָט נישט געהאַט קיין אַרבייט און, אַז ער האָט נישט געאַרבייט פלעגט זיין בויך איינפאַלן פון הונגער און ער פלעגט קייען קאָרע פון ביימער, כדי צו שטילן דעם הונגער!

אָט דערצעהלט ער אַליין אַזאַ בילדל:

„איינמאָל אין אַ מאָנטאָג האָב איך חוץ אַ מעדאַליאָן מיטן פּאָרטרעט פון קאַרל מאַרקס גאָרנישט געהאַט אין קעשענע. אינדערפרי האָב איך געהאַט אויפגעגעסן אַ טרוקן שטיקל ברויט

און נישט געוואוסט וואו כ'וועל שלאָפן ביינאַכט. מיין פּנים זעט אויס אַזוי שרעקליך אויסגעדאַרט, אַז אַלע פאַרבייגייענדע דערשרעקן זיך אַזש. איך זעץ מיך אַוועק ביי אַ מאָנומענט און בלייב אַזוי זיצן ביז אָוונד. דער הונגער מאַטערט מיך שרעקליך. פּלוצלונג דערהער איך מוזיק. דאָס שפּילט דער אָר־קעסטער פון אַ דערבייאיקן עלעגאַנטן האָטעל. די מוזיק מאַכט מיך דערווייל פאַרגעסן אָן הונגער. עס גייען פאַרביי צוויי הערן. איך וויל ביי זיי בעטן אַ פּאָר גראָשן, כּדי צו קאָנען ער־גיץ זיך איבערשלאָפן די נאַכט און האָבן אַ שטיקל ברויט, אָבער די ווערטער שטאַרבן מיר אָב אויף די ליפּן. איך שלאָף די נאַכט ווידער אונטערן פרייען הימל, אינדערפרי טרעף איך אַן 'איטאַליענער. איך דערצעהל אים וועגן מיין נויט. ער לאַכט און גיט מיר אַ האַלבן פראַנק. איך לויף שנעל אין אַ געוועלב און קויף אַ ברייטל. איך קיי דעם ברויט מיט אַ געוואַלדיגער ווילדקייט, כ'שלינג אַראָב גאַנצע שטיקער. פאַרגעסט נישט, איך האָב גאַנצע 26 שעה גאָרנישט געהאַט אין מיין מויל".

האָט מוסאָליני'ס שטאַרקסטע פאַנטאַזיע זיך געקאָנט אויסמאָלן אויף וואָס פאַר אַ געוואַלדיגער הויכקייט דאָס לעבן וועט אים אַרויפזעצן? איז דען באַטש איינמאָל דעם הונגע־ריגן, אָבגעריסענעם מוליער־אַרבייטער איינגעפאַלן, אַז ער וועט בעפעלן מיט אַ גאַנץ לאַנד, זיין איינע פון די בערימטסטע גע־שטאַלטן אין אייראָפּאַ און אָנוואַרפן אַ פּחד אויף מיליאָנען אונטערדריקטע?

און עס קאָן גריילין געמאָלט זיין, אַז גראָד אַזאַ עלנדע פאַרגאַנגענהייט איז גורם זיין היינטיגע איבערגעטריבענע שטאָלצקייט.

און אָט איז ער גרויף אויפ'ן ערשטן שטאַפּל: ער האָט בעקומען בעסערע אַרבייט און איז אַריינגעטרעטן אין דער שווייצאַרישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. מוסאָליני איז גע־וואָרן אַ הייסער, פאַרברענטער סאָציאַליסט. בעזיצנדיג אַ גע־וויסע בילדונג אַלס פּאָלקס־לערער, האָט ער זיך שנעל אַרויפ־געאַרבייט אין דער פּאַרטיי און געצויגן אויף זיך אַלעמענס

אויפמערקזאמקייט. ער האט זיך מיט חשק געווארפן אין דער פארטיי־ארבייט און גיך אריינגעפאלן צו דער פאליציי אין די הענד. ער איז געזעסן א געוויסע צייט אין תפיסה און אבגע־טראנספארטירט געווארן קיין איטאליען.

געפינענדיג זיך צוריק אין זיין פאטערלאנד, האט ער זיך אויך דא איינגאנצן איבערגעגעבן דער סאציאליסטישער פאר־טיי־ארבייט. ער איז דער פייערדיגסטער רעדנער אויף אלע מיטינגען. זיינע ארטיקלען אין די סאציאליסטישע צייטונגען זענען געווענדעט געגן די מאכט־האבער, געגן דער מאנארכיס־טישער הערשאפט און געגן רעליגיע. ער קעמפט, ווי א לייב פאר זיינע סאציאליסטישע איבערצייגונגען. זיין פאפולארי־טעט וואקסט געוואלדיג און אלע פארטיי־מיטגלידער בעקומען שטארק ליב דעם פלאמענדיגן פאקס־טריבון. ער בעזיצט אוי־סערגעוועהנליכע פעהיגקייטן צו ווירקן אויף דער מאסע און זי מיטצורייסן.

אלס ביישפיל קאן דינען פאלגנדער אינטערעסאנטער פאקט:

דער איצטיגער דיקטאטאר, וועלכער האט שלום געמאכט מיט'ן פויבסט און פערפאלגט אלע אטעאיסטן און נישט גלוי־ביגע, האט אלס סאציאליסט געוואלדיג בעקעמפט די רעליגיע.

איינמאל האט ער געהאלטן א פייערדיגע רעדע געגן קלע־ריקאליזם פאר א ריזן־עולם פון דריי טויזנד מאן. פלוצלונג האט ער ארויסגענומען דעם זייגער, אוועקגעלעגט נעבן זיך און מיט א פאטעטישער שטים אויסגערופן:

— אויב ס'איז דא א גאט, זייט עדות איר אלע פערזאמל־טע, גיב איך אים פינף מינוט צייט, ער זאל מיך אויפ'ן ארט דערהרג'ענען! איך ווארט!

און ער האט זיך אוועקגעשטעלט אין אנ'ארטיסטישער פאזע, מיט'ן קאפ פערריסן אין דער הויך און געגומען ווארטן. דער ריזיגער עולם אין זאל איז געווארן עלעקטריזירט. א שווע־רע שטילקייט האט זיך אראבגעלאזט איבער אלעמענס קעפ. אלע האבן איינגעגראבן זייערע פנימער אין דעם איינגע־

עקשנטן, פעסטן געזיכט פון רעדנער. וואס וועט זיין? וואס וועט זיין? — האבן טייל שטילערהייט געמורמלט.

די פינף מינוט זענען פערביי.

— חברים, — האט ער אויסגעשריגן, — אויב איך בין איצט נישט געפאלן קיין טויטער איז א סימן, אז ס'איז קיין גאט נישטא!

מיט אזעלכע איינפאלן פלעגט ער שטענדיג קאנעז עלעקטריזירן די מאסע. ער האט דעריבער שנעל פערנומען איינס פון די אנגעזעהענסטע ערטער אין דער פארטיי. און נישט נאר איז דער פארטיי איז ער געווארן פאפולער. מ'האט שוין וועגן אים גערעדט אין גאנץ איטאליען: אלע האבן געוואוסט, אז מוסאליני איז א פערביסענער שונא פון דער בורזשואזיע און, אז זיין קאמף געגן איר איז אנ'אונברחמנותדיגער. ענדליך האט אים די פארטיי אנפערטרויערט איינס פון די אנגעזעהענסטע ערטער, דער 29־יעריגער מוסאליני איז געווארן הויפט־רעדאקטאר פון דער גרעסטער סאציאליסטישער צייטונג אין איטאליען „אוואנטי“, פון דערזעלבער צייטונג, וועלכע ער האט שפעטער פערמאכט און אירע מיטארבייטער דערמארדעט אדער געשיקט אין תפיסה אריין. וואלט געקומען דאמאלס א מענש צו מוסאליני'ן און אים נביאות געזאגט, ווי אזוי ער וועט זיך בעציהען צו זיינע געוועזענע פריינד און חברים, וואלט ער יענעם זיכער אנגעשפיגן פולע אויגן. אבער די געשיכטע מאכט אונז אזעלכע סיורפריזן, וואס קיינער קאן אפילו נישט חלומ'ען וועגן דעם.

ערשט אין יאר 1914, ווען ס'איז אויסגעבראכן די וועלט־מלחמה, איז אין מוסאליני'ס מוח פארגעקומען א גאנצע איבערקערעניש. דער דאזיגער מענש, וועלכער האט פריער בעקעמפט מלחמות, איז איצט געווארן א הייסער פאטריאט און אפן ערקלערט:

— איך בין דערפאר, אז איטאליען זאל אריינטרעטן אין קאמף מיט דייטשלאנד. מיר מוזן אבנעמען פון עסטרייך די שטיקער ערד, וואס געהערן צו אונז!

ער איז געווען אזוי איינגע'עקשנט אין זיין מיינונג, אז ער האָט ענדליך געמוזט רעזיגנירן אלס רעדאַקטאָר פון דער צייטונג. ער האָט זיך געשטעלט געגן דער מיינונג פון דער גאַנ־צער פאַרטיי. ער האָט אָבער געוואָלט ווייטער פערטיידיגן זיי־נע מיינונגען. דעריבער האָט ער תיכף נאָך זיין אַרויסטריט פון דער צייטונג „אוואַנטי" פערלייגט אַן'אייגענע צייטונג און גע־רופן איטאַליען, אז זי זאָל צוטרעטן צו דער מלחמה.

— מוסאָליני נעמט געלד פון פראַנקרייך! — האָבן אים בעשולדיגט, זיינע חברים.

ס'איז פאָרגעקומען איבער אים א פאַרטיי־געריכט, דער איינשטימיגער בעשלוס האָט געלויטעט, אז מוסאָליני ווערט אויסגעשלאָסן פון דער פאַרטיי!

דאָס איז געווען פאַר אים א שווערער קלאַפּ, א געוואַל־דיגע בעליידיגונג. ער האָט געשפריצט מיט כעס און שנאה. און דאַמאָלס האָט ער אָנגעשריבן אַן'אַרטיקל, וואָס איז ווערט דערמאָנט צו ווערן. דער צוקונפטיגער דיקטאַטאָר זאָגט אָן נקמה:

„איך בין אַרויסגעוואָרפן פון דער פאַרטיי, שרייבט ער באַלד צומאָרגנס אין זיין צייטונג, אָבער נישט בעזיגט. אויב זיי האַלטן מיך שוין פאַר א בר־מינן, וועלן זיי האָבן א שרעק־ליכן סיורפריז, ווען זיי וועלן מיך געפונען א לעבעדיגן, אַן'אונ־ברחמנותדיגן און צוגעגרייטן צום קאַמף... מוסאָליני'ס זאַך איז נאָך נישט געענדיגט, מוסאָליני'ס זאַך הויבט זיך ערשט אָן. זי פערוויקלט זיך נאָר שטאַרקער און נעמט אָן אַלץ גרעסערע פאָרמען ... איך וועל מיך נישט בייגן, איך וועל מיך בונטעווען! איך שאַרף דאָס געווער, איך שאַרף מיין גאַנץ געווער!"

אזוי האָט מוסאָליני געשריבן דעם 25־טן נאָוועמבער פון יאָר 1914. און ער האָט געהאַלטן וואָרט. ער האָט געשאַרפט דאָס געווער און מיט זיין שווערד פערניכטעט און צושמעטערט אַלע געוועזענע פריינד און חברים. אַלץ, וואָס האָט זיך גע־שטעלט געגן אים, האָט ער אָבגערוימט פון וועג.

און איצט זעהען מיר שוין מוסאָליני׳ן אויפ׳ן וועג צו דער הערשאַפט, צו דער טיראַנישער דיקטאַטור.

איטאַליען טרעט אַריין אין דער וועלט־מלחמה. מוסאָליני טרעט אַריין אין דער אַרמעע און געפינט זיך צוויי יאָר אויפ׳ן פראָנט. אין 1917 ווערט ער פערוואונדעט און קערט זיך אום קיין מילאַן, וואו ער אַרבייט ווידער אַלס רעדאַקטאָר פון זיין צייטונג.

די מלחמה ענדיגט זיך, און איטאַליען קומען פאַר קאָמוניסטישע אונרוהען. דאַמאַלס וועקט זיך ווידער אין אים אויף די נשמה פון דעם פירער און בעפעהלער, אָבער אַנ׳אַנדער מין בעפעהלער שטעהט פאַר אונז. ער ווענדעט זיך מיט אַנ׳אויפרוף צו די געוועזענע פראָנט־זעלנער, זיי זאָלן זיך אָרגאַניזירן. ער וויל ווערן זייער פירער, ער פילט, אַז דורך זיי וועט ער קומען צו דער מאַכט. מיט זיין רעדנער־טאַלאַנט האָט ער צוגעצויגן צו זיך אַ ריזיגע מחנה פון געוועזענע פראָנט־זעלנער. דידאָזיגע מענשן, וועלכע האָבן נישט איינמאָל געקוקט דעם טויט אין די אויגן, זענען געווען פערהאַרטעוועט און גרייט צו אַלעם. חוץ דעם האָבן זיי געוואָלט ברויט, זיי זענען געקומען פון מלחמה־פלאַץ אָבגעריסענע, אָן מעגליכקייט צו בעקומען אַרבייט און מוסאָליני האָט זיי צוגעזאָגט אַ גן־עדן־לעבן.

און ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט, איז ער געוואָרן זייער פירער און בעפעהלער. דאָס וויכטיגסטע געווען צו מאַכט האָט זיך שוין געפונען אין זיינע הענד. דער געוועזענער שלעפער און שוואַרצער אַרבייטער האָט שוין איצט געמאָלט אין זיין פאַנטאַזיע די שטאַרקסטע בילדער פון מאַכט. ווער ווייסט, אפשר וועט ער ווערן אַ נאַפּאָלעאָן, אַ צעזאַר? און נאָך אַ זאַך האָט ער געוואָלט הורכפירן: נוקם זיין זיך אין יענע, וועלכע האָבן אים אַרויסגעוואָרפן פון דער פאַרטיי. ער האָט געדורשט נאָך נקמה. און נקמה קאָן מען נעמען דאַמאָלס. ווען מ׳האָט מ א כ ט! הייסט עס, אַז קודם כל דאַרף מען דערגרייכן צו דער מאַכט.

דידאָזיגע אויפגאַבע האָט זיך איצט געשטעלט מוסאָליני.

ער אָרגאַניזירט די געוועזענע זעלנער, ס'וואַקסט אויס אַ ריזן־אַרמעע. זיי טוען זיך אַלע אָן אין שוואַרצע העמדלעך און הוליען איבערן לאַנד פראַנק און פריי.

ענדליך פילט מוסאָליני, אַז די צייט אויף מאַכט איז גע־קומען. אין אַן אָקטאָבער־טאָג פון יאָר 1922 נעמט דאָס גע־וועזענע מוליער־יונגל צונויף זיין אַרמעע פון „שוואַרצע העמד־לעך" און מאַרשירט אויף רוים. קיינער האָט זיך אים נישט ענטגעגנגעשטעלט, ס'איז קיין איין טראָפּן בלוט נישט פערגאָסן געוואָרן. דער קעניג נעמט אים אויף און בעשטימט אים אַלס פרעמיער. ס'איז געווען קלאָר פאַר יעדן, אַז פון איצט אָן וועט מוסאָליני די מאַכט פון זיינע הענד שוין נישט אַרויסלאָזן. ער ווערט דער פּאַקטישער און איינציגער בעל־הבית פון איטאַליען. מיט דער הילף פון זיינע „שוואַרצע העמדלעך" איז ער זיך אויף אַ שרעקליכן אופן נוקם אין זיינע אַמאָליגע פריינד. די תפיסות ווערן פערפולט מיט דיזעלבע מענשן, וועלכע ער האָט אַמאָל אַזוי ליידנשאַפטליך אַגיטירט געגן רעליגיע, זיין אַמאָלי־גער חבר מאַטעאָטי ווערט דורך זיינע שליחים אויף אַ שוידער־ליכן אופן דערמאָרדעט, ער לייגט אַרויף אַ צוים אויפ'ן מויל אַלע זיינע געגנער און טרעט מיט די פיס די אַלע אידעאַלן, פאַר וועלכע ער האָט אַמאָל אַזוי היים געקעמפט.

היינט טראַכט ער וועגן זיך, ווי וועגן אַ רוימישן אימפּע־ראַטאָר. און באמת, דער אָרימער בראַדיאַגע, וואָס האָט גע־בעטלט אויף די גאַסן פון לאָזאַן אַ האַלבן פראַנק, לעבט היינט אין די זעלבע פּאַלאַצן, וואָס די אַמאָליגע רוימישע צעזאַרן. קאָן דען זיין אַ גרעסערער נצחון? פון קליינעם איטאַליענישן דער־פעלע, פון דעם אָרימען שמיד'ס שטוב ביז צום רוימישן קאַ־פּאָסעאום, ביז צו די טריאומפאַלע מאַרשן דורך דעם טריאומף־בויגן פון טיטוס. אַזאַ וועג איז באמת אַ וואונדערליכער. זעהר ווייניג געהען אַדורך אַזאַ גראַנדיעזן וועג, זעהר ווייניג קומען צו צו די טויערן פון העכסטן רום. „ער איז דער נישט גע־קרוינטער אימפּעראַטאָר פון רוים" שרייבן וועגן אים זיינע אָנ־הענגער.

זייענדיק קלוג, קענענדיק גוט די פסיכיק פון דער מאסע, פירט ער זיך אויף, ווי א נאראן. ער שטעלט זיך א וועק אויפ'ן ערשטן שטאק פון קאלאסעאום און האלט א פאטעטישע רעדע צו דער מאסע, וועלכע איז פארזאמלט אויף דער ארענע פון דער ריזיגער געביידע, ער שטעלט אוועק א ריי רעפלעקטארן נעבן די איבערבלייבענישן פון אלטן רוים, נעבן קאלאסעאום, פארום ראמאנום און פאלאטין און אין רויטן שיין פון די דאזיגע רעפלעקטארן שטעלט ער זיך אוועק, אויפהויבנדיק די רעכטע האנט אין דער הויך, און שליידערט צו דער מאסע זיינע פאטאס־רעדעס. בעגאסן מיט דעם בלוטיג־רויטן אבשיין פון די רעפלעקטארן, מיט דער אויפגעהויבענער האנט, זעט ער דאמאלס אויס, ווי דער אמאליגער אימפעראטאר נעראן, ווען ער איז געשטאנען אויפ'ן קאפיטאל און זיך צוגעקוקט, ווי רוים ברענט...

ס'איז שוין היינט פאר קיינעם נישט קיין סוד, אז אין דעם דאזיגן מוח, וואס קירעוועט מיט'ן גורל פון זיין לאנד, נעסטיגט זיך א געפערליכער גיפט, דער סיפילים־סם. דאס געוועזענע הונגעריגע, אבגעריסענע מולער־יונגל האט נישט איינמאל געשטילט זיינע לײדנשאפטן אין די ארעמס פון א ברודיגער גאסן־פרוי. אין זיין קערפער האבן זיך אריינבעקומען די שרעקליכע משחיתים, וועלכע שווייגן דערווייל. זיי גרייטן זיך אבער צום קאמף. ער קאן בעזיגן מיט זיינע טרייע זעלנער אלע שונאים, אבער דעם דאזיגן אינערליכן שונא פון זיין קערפער וועט ער נישט קאנען בעזיגן. מוסאליני איז היינט אלט 47 יאר. די קראנקהייט האט צייט און זי וועט זיך נישט לאזן פערטרייבן.

זיינע פערערער האלטן אפילו, אז ס'איז א בלבול, וואס זיינע שונאים האבן אויף אים אויסגעטראכט, כדי אים צו קאמפראמיטירן און אראבצרייסן זיין אנזען אין די אויגן פון דער ברייטער מאסע. פערשטעהט זיך, אז קיין זיכערע בעווייזן קען נאך איצט קיינער נישט ברענגען. אבער, זעט אויס, אז ס'איז יא אמת.

דער דאָזיגער מענש לעבט נאָך, די געשיכטע האָט נאָך נישט געזאָגט איר לעצט וואָרט. וועגן זיין סוף קאָנען מיר נאָך גאָרנישט רעדן. צי וועט ער בעזיגט ווערן פון זיינע פילע געגנער און ענדיגן זיין שטורמיש לעבן אין בלוטיגן געראַנגל פון א רעוואָלוציאָנערן אויפברויז, צי ס'וועט אים נאָך פריהער בעזיגן און אויסזויגן זיין מארך דער סיפילים־גיפט — דאָס קאָן איצט קיינער נישט זאָגן. איינס איז אָבער זיכער: זיינע געגנער האָבן א מעכטיגן פערבינדעטן אין זייער קאַמף געגן דעם פערהאסטן דיקטאטאָר. דער דאָזיגער פערבינדעטער איז דער קליינער אונזעבארער באציל, וואָס הייסט סיפילים.

---

# צו אונזערע לעזער!

דעם 26 פעבּרואַר האָט זיך געענדיגט דער טערמין צוצושיקן לעזונגען פון די אויפגאַבּן 1 און 2. נאָכן אַדורכקוקן די ענטפערס, וועט דעם 5 מערץ פאַרקומען די ציונג פון די פּרעמיעס. אין אונזער נאָענטסטן ביכל נר. 5 וועלן זיין פארעפנטליכט די נעמען פון די גליקליכע געווינער, ווי אויך די ריכטיגע לעזונגען פון די אויפגאַבּן.

---

## רעטעניש און אויפגאַבּן:

### אויפגאַבּע נר. 3.

ווזיט־קאַרטע

| |
|---|
| ד. קונאָ |
| טראָק |

מיט וואָס פערנעמט זיך דער דאָזיגער הער?

פון די בוכשטאַבּן פון דער ווזיט־קאַרטע צונויפשטעלן זיין פראָפעסיע.

### אויפגאַבּע נר. 4.

צי האָט איר דעטעקטיוו־פעהיגקייטן?

א נעבּילדעטער פערבּרעכער האָט געשריבּן צו זיין פריינד א בּריף. דער בּריף איז געוואָרן פערדעכטיג דער תפיסה־מאַכט צוליב די פּילע גרייזן, מיט וועלכע ער איז געשריבּן געוואָרן. נאָך א גענויער בּע־טראַכטונג האָט מען געפונען, אז די גרייזן זענען ספּעציעל געמאַכט געוואָרן און דער בּריף ענטהאַלט א פערשטעקטע מיטטיילונג. דער טעקסט פונם בּריף איז פאָלגנדער:

ליבער פריינד!

כ'דאנק דיר פאר דיין בריף און דוּנע גוּטע ווערטער. ווי געהט עס דיר אין דיין מהאכה. פארוואס שרייבט איר אלה אזוי ווייניג? צו גוּמסט אמאל ארויף צו ביין פרוי? עפּאס איר שווייגן געפעלט ביר נישט. עפשר מייזט זי, אז כ'וועל דא שתענדיג זיצן? זעג איר, אז איך פערקעם גארנישט. האפ נישט קאין צוטרוי צו מייזע שותפים, היך האב א פערדאכט, אז מען דארף מיד זיי וואס ווייניגער רעדן.

שרייב באלד און קום אויף א בעזוך.

דיין פריינד משה.

וואס פאר א מיטטיילונג איז אדורכגעשמוגלט אין דאזיגן בריף?

צווישן די לעזער, וואס וועלן צושיקן ריכטיגע לעזונגען פון ביידע אויפגאבן, וועט געווארפן ווערן א גורל-אויף דער גרויסער פרעמיע 50 זל. מזומן געלד.

צווישן אלע, וואס וועלן צושיקן כאטש איין ריכטיגע לעזונג וועלן פערטיילט ווערן דורך א גורל פאלגנדע פרעמיעס:

5 פרעמיעס צו 10 זל.

5 „ האלב יערליכער אבאנאמענט פון „גר. ביבליאטעק".

9 „ פערטל־יערל. אבאנאמענט.

צוזאמען 20 פרעמיעס אין דער אלגעמיינער ווערט פון 133.70 זל.

דער לעצטער טערמין צוצושיקן די ענטפערס איז דעם 12 מערץ 1930 מאסגעבנד איז די דאטע פון פאסט־סטעמפל.

אדרעס פאר בריף:

**Groszen Bibljotek**
Konkurs
**WARSZAWA**
Sk. pocz. 178

דער דאזיקער קופּאן דארף בייגע־לעגט ווערן צו די לעזונגען

| אויפגאבן און רעטענישן קופּאָן נר. 2 |
|---|
| נאמען ............ |
| ............ |
| שטאדט ............ |

פראוואקאטארן; פאפולערע וויסנשאפט: זיטן־סעריע; אינטערע־
סאנטע מאמענטן אין דער געשיכטע; ערפינדער און ענטדעקער;
פרייהייטס־קעמפער; יודן אויף די וועלט־שליאכן; וועלט־הערשע־;
רוסלאנד אויפ׳ן שייד־וועג; און א רייע אנדערע.

ווי מיר זעען פון דער דאזיגער רשימה, וועלן אונזערע
ביכלעך נישט נאר פערשאפן אונזערע לעזער א גרויסן גייסט־גן
נענוס, נאר וועלן אויך זיין א העכסט־בעלערנדע לעקטור, וואס
וועט אין א לייכטער, שיינער פארם בערייכערן אונזערע ידיעות
און פערברייטערן אונזער בילדונג. אונזערע ביכלעך וועלן זיך
לייענען מיט איין אטעם ווי דער שפאנענדסטער ראמאן, און
וועלן דאך זיין דער ריינסטער לעבנס־אמת.

## פערלאג „גראָשן־ביבליאָטעק".

מיטוואָך, דעם 29 יאַנואַר ערשיינט דאָס צווייטע ביכל

# „אַמעריקאַנער מיליאָנערן"

בעאַרבעט לויט די גייעסטע אַמעריקאַנער קוועלן

אינם דאָזיגן ביכל געפינט איר א תשובה אויף דער פראַגע:

„ווי אַזוי ווערט מען רייך?".

---

אינגיכן ערשיינט דאָס ביכל

# „ערשטע ליבעס פון גרויסע מענשן"

ערשטע ליבעס פון אײַנשטײנען, עדיסאָנען, מוסאָלינין, טשאַפּלינען, קלעמאַנסאָ, רײנהאַרדטן, בערנסאָנען, מאַרקאָני, מערי פּיקפאָרד, דוגלאַס פעירבענקס, פּראָפ. מיעטשניקאָוו, אַמונדסען און א רייע אַנדערע גרויסע מענשן — דערצעהלט פון זיי אַליין.

---

באַשטעלונגען ווערן אָנגענומען:

## „GROSZEN BIBLJOTEK"

Warszawa, Wspólna 5 m. 6.

אַדרעס פאַר געלד: P. K. O. 21.667 פּרייז פון א ביכל **30** גר.

אַבאָנאַמענטס-פּרייז:

א האַלב יאָר **3.50** (13 ביכער); א פערטל יאָר **1.80** (6 ביכער)

